GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

Vol. XX. No. 3 | Jersey City, N. J., March, 1938 | Price: 10 Cents

## די „פאראייניגונג" מיט עסטרייך



by courtesy of N. Y. World-Telegram

### ווען ארבייטער־איינינקייט איז אזוי דרינגענד נויטיג.

די וועלט געהט איצט אויף צוריק. פאשיזם, נאציזם, באוואפנונג און מלחמה — דאס זיינען די צייכענס פון אונזער צייט.

די האפנונג, אז פאשיזם און נאציזם זיינען געקומען בלויז אויף א ווילע און וועלען באלד פארשווינדען איז געווען א צו אפטימיסטישע. מוסאליני׳ס פאשיזם און היטלער׳ס נאציזם זיינען ניט בלויז ניט פארשוואונדען, נאר זיי האבען זיך נאך פארשפרייט אויף אנדערע לענדער. עסטרייך און רומעניע זיינען די נייע צוויי קרבנות פון נאציזם און פאשיזם. און ערגער ווי אלץ איז, וואס די דעמאקראטישע לענדער פילען זיך אין גאנצען אפהענגיג געגען דעם אנשטורם פון די פינסטערע כוחות. ענגלאנד האט אין גאנצען פארראטען. אנשטאט צו פארשטעלען דעם וועג פאר דער פינסטערער אייניגקייט פון היטלער׳ס און מוסאליני׳ס הערשאפט, האט די איצטיגע ענגלישע רעגירונג דעם וועג גאר פרייער געמאכט. די געפאר פון פאשיזם און נאציזם, וואס האט אוועקגעשטעלט די וועלט אונטער דעם צייכען פון רעאקציע און מלחמה, האלט אין וואקסען און קיין ווידערשטאנד זעהט זיך ניט.

און די וואס ווילען זיך איינריידען, אז אונז, אויף דער זייט ים, געהט גאר ניט אן, וואס עס קומט פאר אויף יענער זייט, מאכען א גרויסען טעות. דער גרויסער ברייטער אטלאנטישער אקעאן פון איין זייט און דער ברייטער פאסיפישער אקעאן פון דער צווייטער זייט טיילט אונז היינט מער ניט אזוי אפ פון דער אלטער וועלט, ווי א מאל. אמעריקע קען זיך ניט אפטיילען פון דער איבעריגער וועלט, ווייל זי איז מיט טויזענטער פעדים מיט איר פארבונדען. און מיר האבען דעם צייכען: דער גרויסער פיבער פון באוואפנונג איז אויך באפאלען אונזער אמעריקע. א פרישער ביליאן דאלער פאר באוואפנונג שטעהט איצט אויף דער טאג־ארדנונג פון דעם קאנגרעס אין וואשינגטאן.

עס איז אין דער איצטיגער פינסטערער צייט פאראן בלויז איין טרייסט, אז דער פראגרעס פון דער וועלט און פון דער מענשהייט קען ניט אפגעשטעלט ווערען אויף שטענדיג. עס זיינען שוין אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט פארגעקומען רעאקציעס און פינסטערע צייטען און דער כח פון פראגרעס האט זיי דאך באזיגט. אין אזא צייט אבער איז נויטיג מער ווי אלע מאל, אז די כוחות פון פראגרעס זאלען זיין פאראייניגט און גאנץ באזונדערס דארפען זיין פאראייניגט די כוחות פון ארבייטער קלאס, דער שטענדיגער טרעגער און אוואנגארד פון פראגרעס.

***

### ארבייטסלוין און יערליכע פארדינסטען.

די אנבאטען, וואס זיינען געמאכט געווארען פון מאנכע קלאוקס מאנופעקטשורערס צו גאראנטירען זייערע ארבייטער נאהנט צו א פולען יאר ארבייט, נאר דערפאר זאל מען זיי באווילינען א געוויסע רעדוקציע אין ארבייטס־לוין, זיינען ווערט, אז מען זאל זיי ערנסט באטראכטען.

עס איז אן אלטע געשיכטע, אז א הויכער ארבייטס־לוין מיינט ניט קיין הויכע פארדינסטען. די קלאוקמאכער ווייסען עס גאנץ גוט פון זייער ערפארונג. דער ארבייטסלוין פון די קלאוקמאכער איז אין פארגלייך מיט דעם ארבייטסלוין פון אנדערע טריידס א גאנץ הויכער, אבער דאך זיינען די פארדינסטען פון די קלאוקמאכער גאנץ נידעריגע. א קלאוקמאכער קען קריגען איבער פופציג דאלער א וואך און אפט באדייטענד מער און דאך ניט פארדינען אפילו גענוג אויף א הונגער לעבען. עס זיינען פאראן א סך קלאוקמאכער, וואס קריגען איבער פופציג דאלער א וואך, אבער זיי פארדינען דאך ווייניגער ווי טויזענד דאלער א יאר. די קלאוקמאכער יוניאן האט דעריבער שטענדיג אונטערגעשטראכען אין אירע פארהאנדלונגען מיט די באלעבאטים, אז ריידענדיג וועגען דעם וועכענטליכען ארבייטסלוין פון די קלאוקמאכער דארף מען האבען אין זינען הויפטזעכליך די פארדינסטען פון די קלאוקמאכער פאר׳ן יאר. און עס איז דעריבער געווען אן אלטע פאדערונג פון די קלאוקמאכער, אז די מאנופעקטשורערס זאלען זיי גאראנטירען א געוויסע צאל וואכען ארבייט אין יאר, אז זיי זאלען קענען רעכענען אויף א באשטימטען יערליכען פארדינסט.

די מאנופעקטשורערס פאר זיך אליין, פארשטעהט זיך, פירען זייערע רעכענונגען פאר א יאר. זיי רעכענען אזוי זייערע פארדינסטען און אזוי אויך זייערע הוצאות. און דאס איז לאגיש. נאר ווען עס קומט צו די פארדינסטען פון די ארבייטער ווילען די באלעבאטים פון דער לאגיק ניט וויסען.

פרעזידענט רוזוועלט האט שוין איינמאל אין זיינע רעדעס און אויך דא לעצטענס באמערקט, אז די פארדינסטען פון די ארבייטער דארפען גערעכענט ווערען פון

# גענעראל עקזעקוטיווע נעמט אן רעגולאציעס וועגן דעם טויטען-בענעפיט פאנד

דער דזשענעראל אפיס האט איצט פארעפנטלעכט די רעגולאציעס וועגן דעם טויטן בענעפיט פאנד, וואס ווערט איינגעפירט פאר די מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנעל אין איינקלאנג מיט׳ן באשלוס פון דער לעצטער קאנווענשאן. די רעגולאציעס זיינען ווי פאלגט:

## די סומע וואס עס וועט געצאלט ווערען

סעקשאן 1: עס זאל אויסגעצאלט ווערען פון טויטן בענעפיט פאנד די סומע פון 150 דאלאר ווען עס שטארבט א מיטגליד, וועלכער האט באלאנגט צו דער אינטערנעשאנעל ווייניגסטענס צוויי יאר איידער ער אדער זי איז געשטארבען, איז שולדיג געווען ווייניגער ווי דרייצן וואכן דיוס און איז ניט שולדיג געבליבען קיין אסעסמענט אדער געלט שטראפען, וואס איז אויף אים ארויפגעלייגט געווארען. די בענעפיט וועט אויסגעצאלט ווערען בלויז פאר טויטען פאלען, וואס וועלען פארקומען נאך דעם ערשטען יולי 1938.

## די געלט מוז קומען בלויז פון דעם ספעציעלען פאנד

סעקשאן 2: אלע טויטען בענעפיטס אדער קלעימס זאלען געצאלט ווערען פון דעם טויטען בענעפיט פאנד אין אנקלאנג מיט די פארשריפטען אין ארטיקעל פון דער קאנסטיטוציע פון דער אינטערנעשאנאל און לויט די רולס און רעגולאציעס, וואס די גענעראל עקזעקוטיוו באארד האט אנגענומען וועגען דעם און קיין אנדער פאנד אדער אייגענטום פון דער אינטערנעשאנעל זאל זיין אונטערווארפען די צאלונגען פון די בענעפיטס. אויך זאל די אינטערנעשאנעל ניט געהאלטען ווערען פאראנטווארטליך פאר מער ווי די סומע, וואס געפינט זיך אין דעם טויטען בענעפיט פאנד צו א געוויסער צייט. (ארטיקעל 13 פון דער קאנסטיטוציע שרייבט פאר: „יעדער מיטגליד זאל צאלען יערליך אן אסעסמענט פון איין דאלאר פאר דער אויפהאלטונג פון דעם טויטען בענעפיט פאנד, וועלכער זאל געצאלט ווערען אין צוויי גלייכע אינסטאלמענטס פון 50 סענט יעדע). קיין געלט זאל ניט ארויסציגען ווערען פון דעם פאנד, סיידען אויף צאלען טויטען בענעפיט, אדער אויף פארוואלטען דעם פאנד.

## וועמען די געלט וועט אויסגעצאלט ווערען

סעקשאן 3. יעדער מיטגליד זאל האבען דאס רעכט צו באשטימען איינעם אדער מער מענשען, וועלכע זאלען קריגען דעם טויטען בענעפיט. אזא באשטימונג דארף געמאכט ווערען דורך אריינגעבען א סערטיפיקאט צום סעקרעטאר-טרעזשורער פון דער אינטערנעשאנאל אויף א באשטימטען בלאנק, וואס דער סעקרעטער גיט, באשטעטיגט דורך א בעאמטען פון לאקאל, צו וועלכען דער מעמבער באלאנגט. מיטגלידער האבען דאס רעכט צו בייטען זייער באשטימונג פון צייט צו צייט אויף דעם זעלביגען אויפן דורך אריינגעבען אן אנדער סערטיפיקאט צום סעקרעטער פון דער אינטערנעשאנעל. בלויז די מענשען, וועמענס נעמען געפינען זיך אויף דעם לעצטען סערטיפיקאט ביים סעקרעטער פון דער אינטערנעשאנעל אין דער צייט ווען דער מיטגליד איז געשטארבען, וועלען באטראכט ווערען אלס בארעכטיגט צו די געלט.

GERECHTIGKEIT
A LABOR JOURNAL
Published every month by the
*International Ladies' Garment Workers' Union*

Office of Publication:
76 Montgomery St., Jersey City, N. J.
General Office:
3 West 16th St., N. Y. C. Tel. CHelsea 3-2148

DAVID DUBINSKY, President
and General Secretary-Treasurer
DR. B. HOFFMAN, Editor

Subscription price, paid in advance, $1.00 per year.

Vol. XX. No. 2. February, 1938

Entered as Second Class Matter, August 7, 1920 at Post Office at Jersey City, N. J., under the Act of August 4, 1912. Accepted for mailing at special rate of postage, provided for in Section 1103, Act of Oct. 3, 1917, authorized on Jan. 25, 1919.

## ווער עס איז בארעכטיגט צו די געלט אין פאל קיין באשטימונג איז ניט געמאכט געווארען

סעקשאן 4: אין פאל דער מיטגליד האט ניט באשטימט קיין מענשען ווער עס זאל קריגען דעם בענעפיט, וועט די געלט אויסגעצאלט ווערען צו די פאלגענדע פארוואנדטע פון דעם פארשטארבענעם אין דער פאלגענדער ארדנונג:

א) צום אלמן אדער אלמנה פון דעם פארשטארבענעם;
ב) צו די קינדער פון פארשטארבענעם;
ג) צום פאטער פון פארשטארבענעם מיטגליד;
ד) צו דער מוטער פון פארשטארבענעם;
ה) צו די ברידער און שוועסטער פון דעם פארשטארבענעם.

אין פאל וואו צוויי אדער מער פערזאנען זיינען בארעכטיגט צו די בענעפיט געלט אין אנקלאנג מיט די פארשריפטען אונטער די אפטיילונג ב) אדער ה), זאל דאס אויסצאלען פון די געלט צו דעם, וואס האט באצאלט די פיונעראל אויסגאבען פאר דעם פארשטארבענעם באפרייען די אינטערנעשאנעל פון וועלכער עס איז ווייטערדיגער פאראנטווארטליכקייט.

אין פאל ווען עס איז נויטיג פאר דער אינטערנעשאנעל אדער דעם לאקאל צו באזארגען די לויה פון דעם פארשטארבענעם מיטגליד, זאל די טויטען בענעפיט אדער אזא טייל דערפון ווי עס איז אויסגעגעבען געווארען פאר דער לויה, צוריקגעגעבען ווערען דער אינטערנעשאנעל אדער דעם לאקאל צו דעקען די אויסגאבען און דאס דעקען די אויסגאבען זאל באפרייען די אינטערנעשאנעל פון פאראנטווארטליכקייט צו די יורשים.

## וועגען אנהאלטען די בענעפיטס

סעקשאן 5: יעדער מיטגליד וועלכער, נאכדעם ווי ער איז געווען א מעמבער פון דער אינטערנעשאנעל 2 יאר, פארלאזט די פרויען קליידער אינדוסטרי און איז נאכגעקומען די פארשריפטען פון ארטיקעל 8, סעקשאן 17 פון דער קאנסטיטוציע פון דער אינטערנעשאנעל, זאל פארן צוועק פון טויטען בענעפיט ווייטער גערעכענט ווערען אלס מיטגליד אזוי לאנג, ווי ער אדער זי האלט אן די צאלונגען פון איין דאלאר יעדען ערשטען אדער פאר דעם ערשטען שבת אין יאנואר און יולי פון יעדען יאר.

## ווי אזוי זיך צו ווענדען נאך די בענעפיט

סעקשאן 6: ווען עס שטארבט א מיטגליד, וואס איז בארעכטיגט צו טויטען בענעפיט אונטער די רולס און רעגולאציעס, זאל דער פערזאן, וואס איז געזעצליך בארעכטיגט צו די בענעפיט געלט אויסמאכען אן אפליקאציע צום סעקרעטער פון לאקאל, צו וועלכען דער פארשטארבענער איז געווען א מיטגליד. צוזאמען מיט דער אפליקאציע דארף ער אריינגעבען דעם לעצטען יוניאן ביכעל פון דעם פארשטארבענעם און דעם אפיציעלען טויטען סערטיפיקאט אדער צופרידענשטעלענדע באווייזע פון דעם טויט פון מיטגליד. קיין קלעים זאל ניט זיין בארעכטיגט, סיידען עס ווערט אריינגעגעבען צום סעקרעטער פון לאקאל אין משך פון 90 טעג פון דעם טאג ווען דער מעמבער איז געשטארבען. דער סעקרעטער פון לאקאל, ווען ער ערהאלט דעם קלעים, זאל ער עס גלייך איבערשיקען צום דזשענעראל סעקרעטער-טרעזשורער פון דער אינטערנעשאנעל צוזאמען מיט דעם פארעם 503, וואס דער סעקרעטער באזארגט, ווי געהעריג איז אויסגעפילט און באשטעטיגט און אויך א סך הכל פון דעם לעדזשער אקאונט פון פארשטארבענעם פאר א משך פון ווייניגסטענס צוויי יאר פאר זיין טויט.

## באלדיגע אויסצאלונג

סעקשאן 7: נאכדעם ווי ער דערהאלט דעם קלעים פאר טויטען בענעפיט, זאל דער גענעראל סעקרעטער-טרעזשורער עס גלייך אונטערזוכען און אויב ער איז צופרידען מיט דער בארעכטיגונג פון קלעים, זאל ער עס גלייך אויסצאלען.

אלע קלעימס, וועגען וועלכע עס איז פאראן א ספק וועגען זייער בארעכטיגונג, זאלען איבערגעגעבען ווערען צו דער גענעראל עקזעקוטיוו באארד פאר באטראכטונג.

## וועגען דיוס-רעקארדס

סעקשאן 8: אויב א לאקאלער בעאמטער זאל ענדערען דעם דיוס בוך אדער לעדזשער קארד, נאכדעם ווי א מיטגליד איז געשטארבען דורך ארויפלייגען נאך סטעמפס אדער פארשרייבען צו מאכען עס אויסזעהן, אז דער פארשטארבענער מיטגליד איז געווען גוטשטייענד, זאל דער קלעים פאר טויטען בענעפיט ניט אויסגעצאלט ווערען און דער לאקאל בעאמטער, וואס איז שולדיג אין מאכען די ענדערונגען, זאל ארויסגעווארפען ווערען פון אמט, באשטראפט ווערען מיט געלט אדער וועלכע עס איז אנדער שטראף, וואס די גענעראל עקזעקוטיוו באארד וועט באשליסען.

# נאגלער פאדערט ריקאווערי באארד זאל נוטהייסען לוין-שטונדען געזעץ

וויס-פרעזידענט איזידאר נאגלער, מענעדזשער פון דער קלאוק דזשאינט באארד, האט אריינגעבראכט א רעזאלוציע ביים צוזאמענקונפט פון דער נעשאנעל קאוט און סוט אינדוסטרי רעקאווערי באארד, אויפפאדערינג די קארפערשאפט גוט צו הייסען דעם לוין און שטונדען געזעץ, וואס עס ווערט איצט פארהאנדעלט אין קאנגרעס, און לאזען וויסען פרעזידענט רוזוועלט און די פירער פון סענאט און קאנגרעס, אז די פארטרעטער פון דער קלאוק און סוט אינדוסטרי אין לאנד זיינען פאר דעם, אז דער געזעץ זאל אנגענומען ווערען.

אין דער קאוט און סוט ריקאווערי באארד, ווי באוואוסט זיינען פארטראטען אלע עלעמענטען פון דער קלאוק און סוט אינדוסטרי איבערן גאנצען לאנד. דארט איז פארטראטען די יוניאן און די מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאנס פון אלע מארקעטס, וואו פרויען קאוטס און סוטס ווערען געמאכט.

אין דער רעדע, וואס נאגלער האט געהאלטען ביים אריינגעבען די רעזאלוציע און אין דעם מעמאראנדום, וואס ער האט צוגעשטעלט וועגען דער אנגעלעגענהייט, ווייזט ער אן ווי וויכטיג עס איז פאר דער גאנצער אינדוסטרי, פאר די ארבייטער אזוי גוט ווי פאר די ארבייטס געבער, אז די שטונדען און שכירות פון די ארבייטער אין לאנד זאלען באשיצט ווערען דורכ׳ן געזעץ אום צו פארגרעסערען די קויף-קראפט און אפשטעלען די האלדז שנײדענדע קאנקורענץ פון אנדערע נאדעל טרייד אינדוסטריען מיט נידעריגערע סטאנדארדס געגען דער קלאוק אינדוסטרי, וועלכע איז בעסער ארגאניזירט און האט העכערע סטאנדארדס. די פארגעשלאגענע רעזאלוציע לייענט זיך ווי פאלגט:

„אין אנבאטראכט, אז די קאוט און סוט אינדוסטרי אין אלעמאל געגאנגען אין פאראויס אין דער באוועגונג פאר העכערע ארבייטס סטאנדארדס, און אין אנבאטראכט, אז די אינדוסטרי האט געליטען פון דער קאנקורענץ פון פארוואנדטע אינדוסטריען מיט נידעריגערע ווידזש סקעילס און אין אנבאטראכט, אז העכערע ווידזשעס פאר די שיכטען פון דער באפעלקערונג, וואס ארבייטען פאר זייער נידעריגע שכירות, מיינט אויסברייטען דעם מארק פאר די פראדוקטען פון אונזער אינדוסטרי, און אין אנבאטראכט, אז עס איז ווינשענסווערט פרינציפיעל, געזעלשאפטליך און עקאנאמיש, אז די רעגירונג זאל שאפען א באדען, נידעריגער פון וועלכען שכירות קען ניט זינקען און א גרענעץ איבער וועלכען ארבייטס שטונדען זאל ניט קענען שטייגען דורך דער האלדז-שנײדענער קאנקורענץ, זיי עס דעריבער באשלאסען, אז די נעשאנעל קאוט און סוט אינדוסטרי רעקאווערי באארד גייט אויפן רעקארד, אז זי שטיצט די מינימום ווידזש און מאקסימום שטונדען געזעצגעבונג און זיי עס ווייטער באשלאסען, אז קאפיעס פון דער רעזאלוציע זאל געשיקט ווערען צום פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען און צום טשערמאן פון דער סענאט קאמיטע איבער בילדונג און ארבייט און צום טשערמאן פון דער הויז קאמיטע איבער ארבייט".

רען ניט די פּרייזען פון זייערע פּראָדוקטען. אָבער האָט רוזוועלט בדעה אויפצונעמען אַ קאַמף מיט די גרויסע אונ־טערנעמער, אַז זיי זאָלען אַראָפּלאָזען די פּרייזען? עס זעהט דאכט זיך ניט אויס, אַז רוזוועלט האָט איצט חשק צו קריגען זיך מיט די גרויסע באַלעבאַטים, נאָכדעם ווי זיי זיינען געווען זיינע געסט אין ווייסען הויז און ער האָט געזאָגט וועגען זיי גאַנץ פריינדליכע ווערטער.

די ווערטער „באַלאַנסירטע פּרייזען" וואָלטען געהאַט אַ געוויכט, ווען די רעגירונג וואָלט געהאַט אַ קאָנטראָל איבער דער אינדוסטריע, ווייניגסטענס אַ טייל־וויזען קאָנ־טראָל. זי האָט עס אָבער ניט. די גאַנצע רייד וועגען „באַלאַנסירטע פּרייזען" קען דעריבער זיין אויסגערעכענט אויף אַ פּסיכאָלאָגישען עפעקט. אָבער אויב די פּסיכאָלאָ־גיע וועט דאָ ווירקען וועט עס זיין בלויז אויף איין זייט — די פּרייזען אויף לעבענס מיטעל וועלען געהויבען ווע־רען, אָבער די הויכע פּרייזען אויף שטאָל, קוילען, בוי־מאַטעריאַלען א. אַז. וו., וועלען ניט געשניטען ווערען.

עס זעהט אויס, אַז פון די אַלע קאָנפערענצען, וואָס פּרעזידענט רוזוועלט האָט געהאַט מיט די פאַרטרעטער פון די אַמעריקאַנער בעלעבאַטים, די גרויסע און די קליינע, האָט ער דאָך ניט געפונען די ריכטיגע עצה ווי אַרויס־צוקומען פון דעם איצטיגען קריזיס. און ניט קענענדיג געפינען קיין נייעם וועג וואָלט פאַר רוזוועלט'ן געווען די בעסטע עצה, אַז ער זאָל זיך האַלטען וואָס שטאַרקער פאַר דעם אַלטען וועג, וואָס ער האָט אָנגעפאַנגען געהן אין זיין ערשטען טערמין, און דאָס איז, וואָס מער קהל'שע אַרבייט פאַר די אַרבייטסלאָזע, ווייטערדיגע סאָציאַלע גע־זעצגעבונג, באַזונדערס די דורכפירונג פון אַ געזעץ פאַר אַ מינימום אַרבייטסלוין און אַ מאַקסימום אַרבייטס־וואָך און אָפּשאַפונג פון קינדער־אַרבייט.

## אויף וועמען די ארבייטער קענען זיך פארלאזן.

דער אַמענדמענט צו דער פעדעראַלער קאָנסטיטוציע צו פאַרבאָטען קינדער־אַרבייט איז ווידער אַ מאָל דורכגעפאַלען אין דער אַסעמבלי אין אָלבאַני. ברודער ב. מינקאָוו מיט די אַנדערע פאַרטרעטער פון דער אַמעריקאַנער אַרביי־טער פּאַרטיי האָט אָנגעפירט אַן ענערגישען קאַמף פאַר'ן אַמענדמענט, אָבער די צאָל פון זיינע געגנער זיינען געווען צו גרויס. אָבער דער קאַמף איז ניט פאַרלאָרען, ווייל ער איז נאָך ניט געענדיגט. דער קאַמף וועט געפירט ווערען אַזוי לאַנג ביז ער וועט ענדליך געוואָר־נען ווערען. די אָנשטרענגונגען וואָס ברודער מינ־קאָוו האָט געמאכט צו געווינען די אַסעמבלי פאַר'ן אַמענד־מענט זיינען דעריבער ניט געווען קיין אומזיסטע. די ווערטער וואָס ער האָט גערעדט, די אַרגומענטען וואָס ער האָט געגעבען האָבען ניט געווירקט צו געווינען די מאַיאָריטעט, אָבער זיי זיינען דאָך ניט געבליבען אין גאַנצען אָהן אַ ווירקונג. אין געגענטייל, זיי זיינען גע־ווען אַ גוטער בייטראָג צו דעם לאַנגען און שווערען קאַמף וואָס ווערט געפירט און וואָס וועט ענדליך זיכער זיך קרוינען מיט אַן ערפאָלג.

ברודער מינקאָוו און זיינע חברים פון דער אַרביי־טער פּאַרטיי האָבען געוויזען מיט זייער ענערגישען קאַמף אין דער אַסעמבלי ווי נויטיג עס איז פאַר די אַרבייטער צו האָבען זייערע אייגענע פאַרטרעטער אין די געזעצגע־בענדע קערפּערשאַפטען. מיר האָבען דעריבער אַ גרונד צו האָפען, אַז אין די נעקסטע וואַלען וועלען די אַרבייטער מאַכען אַלע אָנשטרענגונגען צו דערוועהלען אַ וואָס גרע־סערע צאָל פון זייערע פאַרטרעטער.

עס זיינען היינט פאַראַן אַ סך וואָס שטעלען זיך אַרויס פאַר פריינד פון די אַרבייטער, אָבער ווען עס קומט צו עפּעס וואָס איז זעהר וויכטיג פאַר די אינ־טערעסען פון די אַרבייטער, געפינען זיי אויס, אַז די פריינד זיינען געווען פאַלשע. די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי רעדט זעהר פיל וועגען איר פריינדשאַפט צו די אַר־בייטער. די קאַנדידאַטען פון דער דעמאָקראַטישער פּאַר־טיי אין דער צייט פון וואַהלען פאַרשפּרעכען די אַר־בייטער אַל דאָס גוטס, אָבער די פּראָבע האָט מען ווען עס קומט דורכצופירען אַ וויכטיגען אַרבייטער געזעץ. האָבען די דעמאָקראַטען בשותפות מיט די רעפּובליקאַ־נער פאַרוואָרפען אין דער אַסעמבלי דעם אַמענדמענט וועגען קינדער אַרבייט און האָבען די דעמאָקראַטען אין קאָנגרעס ביז היינט נאָך ניט דערלאָזען אַז דער געזעץ־פּראָיעקט וועגען אַ מינימום אַרבייטסלוין און אַ מאַקסימום אַרבייטס־צייט זאָל אָנגענומען ווערען. פריהער האָבען זיי אים פאַרקריפּעלט מיט פאַרשידענע אַמענדמענטס, און נאָכדעם האָבען זיי אים אָוועקגעלייגט אויפ'ן פּאָליצע און מען דאַרף וואַרטען ביז זיי וועלען אים פון דאָרטען צוריק אַראָפּנעמען.

דער פאַקט איז, אַז אין דעם איצטיגען קאָנגרעס האָט זיך אַזוי גוט ווי אין גאַנצען אָפּגעשטעלט די געזעצ־געבונג, וואָס איז צו גונסטען פון די אַרבייטער־מאַסען.

די אַרבייטער מוזען האָבען אין די געזעצגעבענדע קער־פּערשאַפטען זייערע אייגענע פאַרטרעטער, וואָס זאָלען קעמפען פאַר זייערע אינטערעסען און דאָס וועלען זיי דערגרייכען, ווען זיי וועלען האָבען אַ גרויסע ,איינפלוס־רייכע אַרבייטער פּאַרטיי.

# דער זיידע און דער זייגער

פון פינלענדישן פּאָעט ל. קיעסטי

אידיש: מאני לייב

קוקוט דער קוקו אין אַלטינקן זייגער.
גוט איז דעם זיידן און גרינג איז זיין לעבן.
טיק־טאַק־טיק — גרינג איז זיין לעבן. —
ציט ער זיין ליולקע, און ווי דער שטייגער
שלאָפט אינם ווינקל דער קאָטער.

שטויבעלאַך שפּילן אין העלן פרימאָרגן,
גלעט זיי און גאָלדיגט די זון מיט די שטראַלן.
טיק־טאַק־טיק — זון מיט די שטראַלן. —
זיצט זיך דער זיידע ביים שוועל און אָן זאָרגן
זיצט און פאַריכט אַלטע נעצן.

שמייכלען די יונגע צום אַלטינקן זיידן,
רופן די יונגע אים מיטאָג צו עסן.
טיק־טאַק־טיק — מיטאָג צו עסן.
אָבער די יונגע, אַ זינד איז צו ריידן,
דאַרפן קיין אַלטע ניט האָבן.

ציילט זיך די שעה'ן דער אַלטינקער זייגער,
דרייט מיט די רעדלאַך און ווייזט מיט די ווייזער.
טיק־טאַק־טיק — ווייזט מיט די ווייזער;
און דורך די פענסטערע נעכט ווי זיין שטייגער
דרייט און פאַריכט אים דער זיידע.

אַלט איז דער זיידע אַזוי ווי די פליישן.
אָבער דער זייגער איז עלטער פון זיידן.
טיק־טאַק־טיק — עלטער פון זיידן, —
און אויף זיין ציפערבלאַט זיינען די קווייטן
ליכטיג און פאַרביג געווען.

אָבר זיי זיינען פאַרלאָשן געוואָרן,
גלייך ווי דעם זיידנס פאַרלאָשענער פּנים.
טיק־טאַק־טיק — פאַרלאָשענער פּנים, —
אָט אַזוי טרייבן קאָטאָוועס די יאָרן: —
צייט שוין דעם זיידן אין קבר.

ווינשן די יונגע דעם סוף פון דעם אַלטן:
ירשענען גיכער און גיכער באַגראָבן.
טיק־טאַק־טיק — גיכער באַגראָבן.
און דעם צובראָכענעם זייגער באַהאַלטן
ערגעץ אין שטויב אויפן בוידים.

און אַז דער אָוונט נעמט טונקעלער ווערן,
לאַכן די יונגע הינטערן פענסטער. —
טיק־טאַק־טיק — הינטערן פענסטער, —
דאַכט זיך דעם זיידן, אַז ער וואָלט איצט הערן
אימעצן שאַרכן אין זייגער...

און אין דער נאַכט אין זיין פינסטערן קומער
הערט ער ווי אימעצער קלאַפּט אין דעם זייגער, —
טיק־טאַק־טיק — קלאַפּט אין דעם זייגער;
שלעפּט פונם גאַרטל אַ קליינינקן האַמער,
פירט מיט די פינגער דעם אומרו;

און ווי אַ שפּין וואָלט זיין שפּינוועב געשפּונען,
טרעט ער אין ווייכע אין קליינינקע שיכלאַך, —
טיק־טאַק־טיק — קליינינקע שיכלאַך, —
און מיט זיין וועגעלע ווערט ער אַנטרונען
ערגעץ אין דיל, אין די שפּאַלטן.

לויפן די טעג מיט די נעכט נאָכן שטייגער,
צייכנט דער זייגער די רגע'ס און יאָרן,
טיק־טאַק־טיק — רגע'ס און יאָרן,
און ווי דאָס אַלטינקע האַרץ פון דעם זייגער
שלאָגט אויך דאָס האַרץ ביי דעם זיידן.

קוקוט דער קוקו און — שטילער געוואָרן...
שטיין איז געבליבן דער אַלטינקער זייגער, —
טיק־טאַק... און שטיין איז געבליבן דער זייגער...
קענטיג דער טויט איז צום זיידן פאַרפאָרן...
זיידע שלאָפט היינט עפּעס לענגער...

יאר, ווייל פון זייער טעגליכע אדער וועכענטליכע ארבייטסלוין קען מען ניט וויסען, אויב זיי פארדינען גענוג אויף א לעבען. איינער קען קריגען גאנץ הויכע ווידזשעס ווען ער ארבייט, אבער ווען ער האט ניט גענוג ארבייט דורכ'ן יאר זיינען זיינע פארדינסטען קליינע.

נאר ווען די רעכענונג פון ארבייט זאל געמאכט ווערען אויף דעם יסוד פון יערליכע פארדינסטען זיינען פאראן צוויי וועגען: א הויכער ארבייטס־לוין פאר א קלענערער צאל ארבייטס־וואכען אין יאר, אדער א גרעסערע צאל ארבייטס־וואכען מיט א נידעריגערען ארבייטס־לוין.

לאמיר, למשל, זאגען, אז אן ארבייטער דארף פארדינען צוויי טויזענד דאלער א יאר, כדי צו קענען דורכלעבען מיט א פאמיליע. קען איינער עס פארדינען, ווען ער קריגט פערציג דאלער א וואך און ער ארבייט פופציג וואכען אין יאר און א צווייטער קען עס פארדינען ווען ער קריגט פופציג דאלער א וואך און ער ארבייט פערציג וואכען א יאר. עס פארשטעהט זיך, אז ווען איינער זאל זיך נעמען אויסקלייבען, וועט ער בעסער ארבייטען 40 וואכען אין יאר און קריגען צוויי טויזענד דאלער, איידער צו ארבייטען 50 וואכען א יאר און אויך קריגען ניט מער ווי צוויי טויזענד דאלער. אבער ווי איז עס, ווען איינער קריגט 50 דאלער א וואך און האט ארבייט בלויז 30 וואכען אין יאר און דער צווייטער קריגט 40 דאלער א וואך און האט 50 וואכען ארבייט אין יאר? דער ערשטער קריגט טאקע א העכערען ארבייטסלוין, אבער דער צווייטער פארדינט מער. דער ערשטער מיט זיין הויכען ארבייטסלוין פארדינט בלויז 15 הונדערט דאלער א יאר, דער צווייטער פארדינט מיט זיין נידעריגערען ארבייטסלוין צוויי טויזענד דאלער א יאר. אין דעם פאל וועלען שוין די מייסטע ארבייטער גיכער אויסקלייבען צו ארבייטען פאר 40 דאלער א וואך און האבען 50 וואכען ארבייט א יאר, איידער צו קריגען 50 דאלער א וואך און האבען בלויז 30 וואכען ארבייט אין יאר. די פראגע וואלט, אלזא, געווען ניט שווער צו אנטשיידען, ווען עס וואלט געווען ביי די ארבייטער די ברירה אויסצוקלייבען. געוויינליך אבער האבען זיי ניט די ברירה. גאנץ אפט קומט עס גאר פאר, אז איינער האט ביידע זאכען — אי א הויכען ארבייטסלוין אי א פולען יאר ארבייט און א צווייטער האט פונקט דעם היפוך — אי א נידעריגען ארבייטסלוין אי ווייניג וואכען ארבייט אין יאר. נאר אט האבען מיר א פאל, וואו עס ווערט די ארבייטער געגעבען די ברירה אויסצוקלייבען. א קלאוק מאנופעקטשורערס וויל גאראנטירען זיינע ארבייטער 50 וואכען ארבייט א יאר און דערצו נאך צוויי וואכען באצאלטע וואקאציע, אבער דערפאר וויל ער 25 פראצענט א רעדוקציע פון דעם ארבייטסלוין.

וואס זאל זיין דער ענטפער? אין פלוג קען עס זיך דאכטען, אז דאס איז גאנץ איינפאך. די ארבייטער פון שאפ דארפען אויסרעכענען אויב עס לוינט זיך זיי. זיי קריגען אן אנבאט פאר א פולען יאר ארבייט און זיי קענען אויסרעכענען וויפיל זיי וועלען דעם יאר פארדינען און פארגלייכען מיט דעם, וואס זיי האבען אין די פריערדיגע פאר יאר פארדינט און וויפיל וואכען אין יאר זיי האבען געארבייט. איז אבער די מעשה, אז עס הענגט ניט אפ בלויז פון די ארבייטער פון שאפ, וועלכע האבען געקראגען דעם אנבאט, צו געבען דעם ענטפער, נאר עס הענגט פיל מער אפ פון דער יוניאן.

פאר דער יוניאן וואלט זיין לייכטער צו געבען אן ענטפער, ווען אלע קלאוק מאנופעקטשורערס וואלטען מאכען אזא אנבאט. עס איז אבער שווערער פאר איר צו געבען דעם ענטפער, ווען בלויז איינצעלנע מאנופעקטשורערס מאכען דעם אנבאט. עס קען טאקע זיין, אז פאר די ארבייטער פון אט די איינצעלנע מאנופעקטשורערס לוינט זיך דעם אנבאט אנצונעמען, אבער די יוניאן דארף האבען אין זינען די אינטערעסען פון אלע אירע מיטגלידער און זי דארף נאכטראכטען וועגען דער קאנקורענץ, וואס די פארלאנגטע קאנצעסיע קען שאפען.

דער מאנופעקטשורער, וואס פארלאנגט א רעדוקציע אין ארבייטסלוין פאר דער גאראנטיע, וואס ער גיט פאר מער וואכען ארבייט אין יאר, האט דעם רעכענונג, אז ווייל די ארבייט וועט אים קאסטען ביליגער וועט ער קענען מער פארקויפען און ער וועט דעריבער האבען מער ארבייט פאר זיינע ארבייטער. נו, דאס קען ניט האבען קיין באדייטענדע ווירקונג אויפ'ן טרייד ווען עס האנדעלט זיך וועגען איין מאנופעקטשורער, וועגען א פאר. אבער ווען עס זאל זיין מערערע אזעלכע וועט זיך מוזען אנפאנגען פילען א קאנקורענץ אין טרייד.

מען קען אפשר רעכענען, אז די מאנופעקטשורערס, וואס וועלען גאראנטירען מער וואכען ארבייט אין יאר, ווען מען וועט זיי געבען א רעדוקציע אין ארבייטסלוין, וועלען גיכער אפציהען ארבייט פון אוט און טאון, איידער שאפען א קאנקורענציע אין שטאדט. נו, דאס איז מעגליך, אבער דאך ווייס ניט זיכער.

די יוניאן האט דעריבער זיך טאקע ניט אנגעכאפט פאר דעם אנבאט מיט גרויס באגייסטערונג, נאר זי האט זיך שטארק געדונגען. זי איז בעסער איינגעגאנגען, אז די צאל גאראנטירטע וואכען זאלען זיין ווייניגער און אז די רעדוקציע פון ארבייטסלוין זאל זיין א קלענערע. אבער אויך די קאנצעסיע אין דער פארם, וואס די יוניאן האט ערלויבט, קען ניט באטראכט ווערען אלס אן אנגענומענע פאליסי, נאר אלס אן ערלויבניש אונטער געוויסע אומשטענדען. די אנגענומענע פאליסי פון דער יוניאן איז צו שטרעבען צו א גלייכער צוטיילונג פון דער ארבייט ניט בלויז צווישען די ארבייטער אין שאפ, נאר אויך צווישען די ארבייטער פון אלע שעפער, פון גאנצען טרייד. עס פארשטעהט זיך, אז דאס ערשטע איז לייכטער אויסצופירען ווי דאס צווייטע. די יוניאן האט שוין געמאכט פארשידענע פלענער, אז די באנדלעך פון איין שאפ זאלען זיך ניט אריבערקייקלען צו א צווייטען און אז די ארבייטער פון איין שאפ זאלען האבען א סך ארבייט, בעת די ארבייטער פון א צווייטען שאפ זאלען האבען גאנץ ווייניג. אבער פארלויפיג האבען זיך אלע פלענער ניט ארויסגעוויזען אזוי ווירקזאם, ווי מען האט געהאפט. אגב איז אין דעם פרט די ווירקונג פון דער יוניאן א באשרענקטע. די יוניאן פאסט אויף, אז דער ארבייטסלוין, די ארבייטסצייט און די אלגעמיינע ארבייטס־באדינגונגען זאלען זיין ביי אלע מאנופעקטשורערס דיזעלביגע, כדי איינער זאל ניט קענען האבען קיין פארטייל איבער'ן צווייטען, אבער זי קען ניט אויסגלייכען די אינדיווידועלע געשעפטס־פעהיגקייטען, געשעפטליכע פארבינדונגען און אונטערנעמונגס גייסט פון די מאנופעקטשורערס. איינער פארקויפט מער און דער אנדערער ווייניגער. איינער האט מער ארבייט פאר די ארבייטער פון זיין שאפ, און דער צווייטער ווייניגער.

נאר אלע פראגען דרעהען זיך ארום איין פונקט און דאס איז, אז דער טראפ דארף שטענדיג געשטעלט ווערען אויף די יערליכע פארדינסטען און אז עס איז בעסער צו האבען גרעסערע יערליכע פארדינסטען מיט א קלענערען ארבייטסלוין, איידער א הויכען ארבייטסלוין מיט א קליינעם יערליכען פארדינסט.

## די פארשטארקטע קאנטראל אויף די וואנדערונגען פון די קלאוקס באנדלעך.

די פארשטארקטע קאנטראל, מיט ספעציעלע אינספעקטארס, וואס דער דזשאינט באארד פון די קלאוקמאכער יוניאן האט איינגעפירט אויף די טראקס, וואס פירען קלאוקס, וועט ניט בלויז מאכען שווערער פאר געוויסענלאזע מאנופעקטשורערס צו באשווינדלען די יוניאן, נאר עס וועט אויך העלפען שאפען א גענויערען באגריף וועגען דעם ווי אזוי די פאבריקאציע פון קלאוקס פארטיילט זיך אין ניו יארק (ברוקלין אריינגערעכענט) און אוט און טאון. די נייע פארשטארקטע קאנטראל, ווען זי זאל נאר דורכגעפירט ווערען גרינדליך וועט אונז קענען געבען א גענויעם באריכט ווי אזוי די באנדלעך קלאוקס באוועגען זיך און וועלכע גילגולים זיי מאכען דורך.

אין דער ווירקליכקייט האבען מיר נאך ביז היינט ניט קיין זיכערע, גענויע ידיעות ווי גרויס עס איז די צאל באנדלעך וואס קייקלען זיך אוועק. און ווען מען זאגט אונז אפילו וויפיל ארבייטער עס זיינען באשעפטיגט אין די אוט און טאון שעפער און וויפיל ניי־מאשינען עס געפינען זיך אין ברוקלין, קענען מיר בלויז זיך מאכען א פארשטעלונג וויפיל קלאוקס עס ווערען דארטען געמאכט, אבער עס איז דאך ניט מער ווי פראבירען טרעפען. ניי־מאשינען גיבען ארויס קלאוקס, ווען זיי ארבייטען, ווען זיי שטעהען אפער שטיל גיבען זיי קיין קלאוקס ניט ארויס. עטליכע און דרייסיג הונדערט מענשען, וואס ארבייטען ביי קלאוקס אין די אוט און טאון שעפער, און דערצו נאך סעקשאן סיסטעם, קענען ארויסגעבען א סך ארבייט, אבער ווען זיי געהען ארום ליידיג מאכען זיי ניט מער קלאוקס ווי די קלאוקמאכער פון ניו יארק, וועלכע געהען ארום ליידיג.

און ווען מען וויל היילען א קראנקהייט דארף מען גענוי וויסען אלע איינצעלהייטען וועגען איר. מיר דערווארטען דעריבער, אז די פארשטארקטע קאנטראל, וואס דער דזשאינט באארד פון דער קלאוקמאכער יוניאן האט איינגעפירט אויף די וואנדערונגען פון די קלאוקס באנדלעך, וועט ברענגען וויכטיגע רעזולטאטען.

## „באלאנסירטע פרייזען“.

פרעזידענט רוזוועלט און זיינע ראטגעבער האבען אויסגעטראכט א נייעם מיטעל צו פארטרייבען די איצטיגע „רעסעסיע“ — דער נאמען פאר'ן באנייטען קריזיס. דער נייער מיטעל איז באלאנסירטע פרייזען, וואס מיינט, אז די פרייזען פון סחורות און פראדוקטען זאלען פאר איינע ניט זיין צו הויך און פאר די אנדערע ניט צו נידעריג. אלס א ביישפיל האט פרעזידענט רוזוועלט אין זיין ערקלערונג אנגעוויזען, אז די פרייזען פון אגריקולטור פראדוקטען זיינען צו נידעריג, בעת די פרייזען פון בוי־מאטעריאלען זיינען צו הויך.

עס איז איבריג צו זאגען, אז מיר זיינען זעהר שטארק פאראינטערעסירט אין יעדען פלאן, וואס קען אפשאפען דעם איצטיקען קריזיס. די קלאוקמאכער און די דרעסמאכער זיינען צווישען די, וואס זיינען אמשווערסטען געטראפען געווארען פון דעם איצטיגען קריזיס. און פון דער ערקלערונג, וואס רוזוועלט האט געמאכט וועגען באלאנסירען פרייזען זעהט מען, אז ער דערווארט פון דעם זעהר פיל. ער זאגט נעמליך:

„אונזער פראגראם וויל האבען א באלאנסירטען סיסטעם פון פרייזען, ווייל דאס קען פירען צו א באלאנסירטער אויסשפרייטונג פון פראדוקציע. אונזער ציל איז שטענדיג צו פארגרעסערען די הכנסה פון אמעריקאנער פאלק דורך פארגרעסערען די פראדוקציע און באשעפטיגונג.“

און אין א צווייטען פלאץ פון דער ערקלערונג זאגט ער, אז זיין אדמיניסטראציע האט זיך פון אנפאנג אן געשטעלט דעם ציל, אז עס זאלען אויסגענוצט ווערען אין דער פולער מאס דער מאטעריעלער פארמעגען פון לאנד און די פראדוקטיווע כוחות פון די מענשען, וואדרום אויב די מאטעריעלע קוואלען פון לאנד און די פראדוקטיווע כוחות פון די ארבייטער זאלען אויסגענוצט ווערען אין זייער פולער מאס, וואלט די הכנסה פון אמעריקאנער פאלק געווען אזוי הויך, אז עס וואלט אריבערגעשטיגען יעדע מאס, וואס איז נאר ווען עס איז דערגרייכט געווארען.

קען עטוואס קלינגען בעסער און אנציהענדער? די פראגע איז בלויז, אויב דורך באלאנסירטע פרייזען קען דאס אלץ דערגרייכט ווערען.

פריהער פאר אלץ צווייפלען מיר זעהר שטארק, אויב די ארבייטער וועלען זיין אזוי שטארק באגייסטערט פון דעם, וואס די פרייזען פון אגריקולטור פראדוקטען וועלען געהעכערט ווערען דורך די באלאנסירונג פון פרייזען. פאר די ארבייטער מיינט עס א גאנץ באדייטענדע פארגרעסערונג פון זייערע הוצאות, ווייל אגריקולטור פראדוקטען נעמען ארום די ערשטע און וויכטיגסטע לעבענס באדערפענישען, וועלכע זיינען די גרעסטע הוצאה אין דעם בודזשעט פון אן ארבייטער פאמיליע. פרעזידענט רוזוועלט האט טאקע אליין געטראכט וועגען דעם, אבער ער האט א טרייסט פאר די ארבייטער, אז ווען זיי וועלען האבען מער ארבייט און ממילא גרעסערע פארדינסטען וועט דאס נאך מער ווי דעקען די פארגרעסערטע הוצאה. דאס מעג זיין ריכטיג, אבער די פארגרעסערטע הוצאה, ווען לעבענס מיטלען וועלען טייערער ווערען, איז א זיכערע, בעת אויף די פארגרעסערטע פארדינסטען דארף מען האפען. אגב, זאגען די ארבייטער פאמיליעס, זיינען די פרייזען אויף שפייז שוין אויך איצט ווייט צו הויך.

נאר ווי אזוי קענען איבערהויפט די פרייזען באלאנסירט ווערען? מיר נעמען אן, אז די פארמערס וועלען זיין שטארק צופרידען צו העכערען די פרייזען אויף אגריקולטור פראדוקטען, אבער וועלען אויך צופרידען זיין די שטאל־פאבריקאנטען, די צעמענט פראדוצירער, א. אז. וו., צו שניידען די פרייזען?

פון פרעזידענט רוזוועלט'ס ערקלערונג זעהט עס ניט אויס, אז ער האט בדעה צו באלאנסירען די פרייזען דורך א געזעץ פון קאנגרעס, ער האט אבער אויך ניט געזאגט אויף וואס פאר אן אנדער וועג דאס קען געטאן ווערען.

אייגענטליך קען מען פרעגען: פאר וואס זיינען די פרייזען פון אגריקולטור פראדוקטען צו נידעריג? האט דאך די רוזוועלט אדמיניסטראציע געטאן אלץ וואס מעגליך צו הויבען די פרייזען פון אגריקולטור פראדוקטען. ווילען דען ניט די פארמער קריגען מער פאר זייערע פראדוקטען? פאר וואס האלטען די שטאל פאבריקאנטען זייערע פרייזען צו הויך און די פארמער זייערע פרייזען צו נידעריג? נו, מען קען אויף דעם ענטפערען, אז די שטאל־פאבריקאנטען זיינען ארגאניזירט און זיי קאנטראלירען די פרייזען פון זייערע פראדוקטען, בעת די פארמערס זיינען ניט גוט ארגאניזירט און קאנטראלי־

און ווער ווייס אויב מען וועט קענען באצאהלען? און אז מען וועט ניט קענען צאהלען וועט עס די באנק צונעמען און עס וועט מיינען, אז מען האט געלייגט די לעבעדיגע אויף די טויטע.

און אנגענומען אז איינער האט געפונען דאס ריכטיגע ווארט צו מאכען די מענשען גלויבען, אז די דעפרעסיע איז פאראיבער, וועלען זיי אט דעם גלויבען קענען אויסבייטען אין וועלכער עס איז באנק אויף אמעריקאנער געלד? און ווען די צעהן אדער עלף מיליאן ארבייטסלאזע וועלען אנפאנגען גלויבען, אז עס איז ניטא מעהר קיין קריזיס אין אמעריקע, וועלען זיי גלייך קריגען ארבייט? קען מען געפינען אזא ווארט וואס זאל מאכען גלויבען די מיליאנען ארבייטסלאזע, אז די ארבייטסלאזיגקייט איז פארשוואונדען פון אמעריקע? קען מען געפינען אזא צויבער־ווארט וואס זאל מאכען די הונגעריגע גלויבען, אז זיי זיינען זאט.

עס איז פאראן די קראפט פון ווארט וואס ווירקט, וואס אפעלירט און מאכט מענשען גלויבען, אבער דאס איז ווען מען דארף שאפען א באוועגונג פאר עטוואס, ווען מען וויל ארויסרופען א שטרעבען, א טעטיגקייט, א באגייסטערונג, אבער עס זיינען ניטא קיין ווערטער מיט וועלכע מען זאל קענען מאכען א הונגעריגען גלויבען, אז ער איז זאט און א טויטען אז ער לעבט.

אין אלגעמיין איז עס א גאנץ נארישע שטיק פלוידעריי, אז מענשען דארפען נאר וועלען און גלויבען און דאס וועט זיין גענוג צו פארטרייבען דעם קריזיס. אין דעם איצטיגען צושטאנד זיינען די ווערטער הילף פאר די ארבייטסלאזע די בעסטע שלאג־ווערטער צו פארקלערען דעם קריזיס. און ווען פרעזידענט רוזוועלט האט געזאגט דעם קאנגרעס, אז מען דארף פארגרעסערען דעם הילפס־פאנד פון די ארבייטסלאזע, זיינען עס געווען די בעסטע ווערטער, וואס ער האט אונטער די אומשטענדען געקענט זאגען. נישט מער, ער האט גערארפט פארלאנגען א גרעסערע סומע. אבער דאס קען דער קאנגרעס אויסבעסערען.

❖

דעם בעסטען באוויז וועגען דעם כאראקטער פון דעם איצטיגען קריזיס גיט די באקליידונגס־אינדוסטריע.

די גרויסע ארבייטסלאזיגקייט אין דער באקליידונגס־אינדוסטריע עקזיסטירט הויפטזעכליך ביי דער ביליגערער סארט ארבייט, סאי ביי פרויען קליידער, סאי ביי מענער קליידער. ביי דעם בעסערען מין ארבייט פילט זיך די ארבייטסלאזיגקייט ווייניג. עס איז קלאר, אז עס איז א פראגע וועגען קענען קויפען. די בעסערע סארטען ארבייט, וואס ווערט געמאכט פאר די רייכערע, האבען קויפער, בעת די ביליגערע סארטען ארבייט, וואס ווערט געמאכט פאר די ארימע האבען ניט קיין קויפער. די מיליאנען ארבייטסלאזע האבען אינגאנצען ניט מיט וואס צו קויפען און די טיילווייז באשעפטיגטע האבען ווייניג מיט וואס צו קויפען.

און ווען מען רעדט וועגען דער באקליידונגס־אינדוסטריע, דארף מען אויך האבען אין זינען די אינדוסטריעס, וואס זיינען מיט איר דירעקט און אינדירעקט פארבונדען. ווען עס איז ניטא קיין ארבייט אין קלאוק און דרעס שעפער איז אויך ניטא קיין ארבייט אין די טעקסטיל פאבריקען. איין אינדוסטריע קייטעלט זיך מיט דער צווייטער און די ארבייטער פון גאנצען לאנד שטעלען מיט זיך פאר איין גרויסע משפחה, וואס ווען איינער לידט פילט דער צווייטער. ווען די שטאל־ארבייטער, די קוילען־גרעבער, די בוי־ארבייטער, די אויטאמאביל מאכער געהען ארום ליידיג פיהלען עס די קלאוקמאכער, די דרעסמאכער, די שניידער, די וועבער א. אז. וו. דער קריזיס, די דעפרעסיע אדער די רעסעסיע — ווי מען זאל עס ניט רופען — קען פארלייגערט ווערען בלויז דורך דעם, וואס א גרעסערע צאל פון דער ארבייטסלאזער ארמיי וועט קריגען באשעפטיגונג. און עס איז די פליכט פון דער רעגירונג צו שאפען ארבייט פאר די ארבייטסלאזע. האט פרעזידענט רוזוועלט שוין ניט איין מאל פראקלאמירט דעם גערעכטען פרינציפ, אז די וואס קענען און ווילען ארבייטען דארפען קריגען ארבייט.

עס פארשטעהט זיך, אז מען קען ניט דערווארטען, לעבענדיג אין דער איצטיגער עקאנאמישער סיסטעם, אז די רעגירונג זאל באזארגען אלע ארבייטסלאזע מיט ארבייט, אבער אז זי קען שאפען ארבייט פאר א באדייטענדער צאל האט זי באוויזען. נישט מער, עס דארף ארייגעבראכט ווערען מעהר טאלק אין דער ארבייט און מעהר פלאנמעסיגקייט. און דאס וועט געשען ווערען, ווי די רעגירונג וועט אויפהערען צו קוקען אויף דעם ווי אויף א צייטווייליגער אונטערנעמונג, נאר וועט עס אנפאנגען באטראכטען פאר א שטענדיגען טייל פון אירע אויפגאבען.

עס איז שוין איצט קלאר פאר אלעמען, אז ווי לאנג עס וועלען ניט געשאפען ווערען נייע גרויסע אינדוסטריען, וואס וועלען געבען באשעפטיגונג צו א גרויסער צאל ארבייטער, וועט די ארבייטסלאזע ארמיי שטענדיג געצעהלט ווערען אין מיליאנען. דער פארשריט פון דער טעכנישער אנטוויקלונג איז אזוי גרויס, אז וואס ווייטער ווערען אלץ מעהר ארבייטער ארויסגעווארפען אין גאס דורך נייע ערפינדונגען.

די יעניגע, וואס האבען פרובירט אזוי ענערגיש צו באשטרייטען די עקזיסטענץ פון טעכנאלאגישער ארבייטסלאזיגקייט, ארגומענטירענדיג, אז יעדע נייע טעכנישע ערפינדונג נעמט ניט בלויז אוועק ארבייט פון מענשליכע הענט, נאר שאפט אויך ארבייט און אפט מער ווי זי נעמט אוועק, מוזען איצט אליין צוגעבען, אז זייער חשבון איז געווען ריכטיג בלויז פאר פריהער אבער ניט פאר היינט.

פריהער האבען טאקע די טעכנישע ערפינדונגען, די נייע מאשינען, די נייע געצייג געשאפען מער ארבייט פאר מענשליכע הענד איידער אוועקגענומען. זיי האבען געשאפען נייע אינדוסטריען, נייע אונטערנעמונגען, האבען פארגרעסערט דעם געברויך און האבען געהעכערט דעם סטאנדארד פון לעבען. היינט איז עס אבער אנדערש. די מייסטע טעכנישע ערפינדונגען שאפען איצט ניט קיין נייע אינדוסטריעס, נאר זייער הויפט־צוועק איז צו שפארען ארבייטס־הענד און ארבייטס־צייט, צו מאכען די ארבייט וואס מער אויטאמאטיש און וואס מער פראדוקטיוו.

טעכנאלאגישע ארבייטסלאזיגקייט איז היינט אן אונבאשטרייטבארער פאקט און ממילא א שטענדיגע גרויסע ארבייטסלאזע ארמיי, פאר וועלכער די רעגירונג מוז שטענדיג זארגען צו שאפען ארבייט. און דאס מיינט, אז דער קאנגרעס וועט דארפען באוויליגען א סך גרעסערע סומען פאר דעם הילפס־פאנד פון די ארבייטסלאזע.

❖

נאר פון וואנען וועט די רעגירונג נעמען אזוי פיל געלד? זי וועט שוין דאס יאר סאי ווי סאי האבען א נייעם דעפיציט פון אן אנדערהאלבען ביליאן דאלאר און דער אלגעמיינער חוב פון דער רעגירונג וועט באטרעפען ארום 40 ביליאן דאלאר. דאס קוקט אויס ווי אן אסטראנאמישע ציפער.

עס פארשטעהט זיך, אז פון די ארבייטסלאזע וועט זי די ביליאנען דאלארס ניט קריגען. זי וועט מוזען נעמען פון די, וואס האבען. אבער די, וואס האבען, מאכען געוואלדען, אז די רעגירונג באראבעוועט זיי, אז זי נעמט אוועק פון זיי זייער לעצטען דאלאר פראפיט. און זייערע געשרייען זיינען לעצטענס געווארען אזוי שטארק, אז זיי האבען אפילו גערירט די הערצער פון די מיטגלידער פון דער גענעראל־ראט פון דער אמעריקען פעדערישאן אוו לייבאר, וועלכער האט אויף זיין לעצטען מיטינג אין מיאמי אנגענומען א רעזאלוציע, וואס דריקט אויס דעם וואונש, אז דער שטייער פון אנגעזאמעלטע ניט פארטייטע פארדינסטען פון קאמפאניס זאל אראפגענומען ווערען. עס האט זיך נעמליך איינגעגעבען די קאמפאניס איינצורעדען אפילו די פירער פון דער אמעריקען פעדערישאן אוו לייבאר, אז דער שטייער אויף די ניט פארטיילטע פארדינסטען איז שולדיג אין דער איצטיגער פארגרעסערטער ארבייטסלאזיגקייט. די קאמפאניס זאגען, נעמליך, אז דער שטייער, וואס איז ארויפגעלייגט געווארען אויף די ניט פארטיילטע פארדינסטען שטערט זיי אנצוזאמלען די נויטיגע קאפיטאלען צו פארגרעסערען זייערע אונטערנעמונגען, ווייל צוליב דעם גרויסען שטייער לוינט זיך זיי בעסער ניט אנצוזאמלען קיין פארדינסטען, נאר בעסער זיי צו פארטיילען.

אייגענטליך איז עס היינט ניט קיין פראגע וועגען פארגרעסערען די עקזיסטירענדע אונטערנעמונגען. עס וועט זיין גענוג, אז די אינדוסטריעס פון לאנד וועלען זיין אין פולען גאנג אין זייער איצטיגער גרויס. אגב, האט דער שטייער אויף אונפארטיילטע פארדינסטען פון די קאמפאניס מיט עטליכע יאר צוריק ניט עקזיסטירט, און גראד איז דעמאלט געווען נאך א גרעסערע ארבייטסלאזיגקייט ווי היינט. ביי די קאמפאניס זיינען געלעגען ריזיגע סומעס פון ניט פארטיילטע פארדינסטען, און דאך האבען זיי מיט זיי גארנישט געטאן אויפצולעבען די אינדוסטריע.

דער אמת איז, אז די קאמפאניס און די גרויסע אונטערנעמער וואלטען וועלען צאלען וואס ווייניגער שטייערן און דעריבער שרייען זיי. אבער קיינער דארף ניט גערירט ווערען פון זייערע טרערען. עס איז דאך בעסער צו האבען א סך און צאלען גרויסע שטייערן, איידער צו האבען גארניט און זיין אינגאנצען פריי פון שטייערן. אגב, איז גאר ניטא איינער וואס זאל זיין פריי פון שטייערן. דער גרעסטער אביון צאלט אויך שטייערן, ווען ניט קיין דירעקטע שטייערן, איז עס אינדירעקטע. אין דער אמת צאהלען די ארימע, אין פארגלייך, מעהר שטייערן ווי די רייכע.

# פאבלען

פון נחום יוד

## גענז

●

אין אנהויב פרילינג, ווען דער שניי
איז נאך אינגאנצען ניט צוגאנגען,
זיך אויפגעהויבן האבען גענז מיט א געשריי
(און אפשר מיט געזאנגען)
פון זייער שמוציגען און ענגען הויף,
און האבען פליען זיך געלאזט ארויף,
אהין, וואוהין עס האט דער מילדער ווינט געצויגען.
א מחנה ווילדע גענז, וואס זיינען דארט ניט ווייט
צו יענער צייט
פארבייגעפלויגען,
גענומען האבען פון די קרובים פירען שפאס:
— „זיי וועלען דורכפליהען קוים־קוים די גאס,
ניט העכער
פון יענע נידעריגע דעכער,
און וועלען באלד שוין ווידער אויף דער ערד
זיך צווישען בהמות, הינט און פערד
ארונטערלאזען —
און קוקט נאר וואס עס טוט זיך אפ פון זיי!
ווי שטארק זיי האבען זיך צולאזען,
וואס פאר א טומעל און געשריי
זיי האבען אויפגעהויבען!"
— „זייט שטיל! — האט זיך אן אלטער'ס שטים דערהערט פון אויבען, —
אייך, פרייע, קומט א קנאפער דאנק
וואס איר פליט אום לויט אייער ווילען און פארלאנג!
א לויב פארדינען די, וואס זיינען דורות לאנג
פארטריבענע אין ענגען הויף געזעסען,
און האבען דאך אן זייער פרייהייט ניט פארגעסען!"

# פון צייט צו צייט

פון צביון

עס זעהט אויס, אז וואס שטארקער מען פאנגט אן ריידען וועגען פרידען, אלץ שטארקער ווערט דער קריג. עס האט אויסגעוויזען, אז דער פרידען צווישען דער א. פ. או ל. און סי. אי. א. איז גאנץ נאענט, אבער ווען מען האט אנגעפאנגען שטארק ריידען וועגען דעם, האט מען זיך נאך שטארקער צוקריגט, און ווי עס זעהט אויס איצט, איז דער געהאפטער פרידען גאר ניט נאהענט.

איך דארף זאגען דעם אמת, אז מיט דעם גאנצען קרעדיט, וואס איך גיב לואיסען פאר זיינע באמיאונגען צו ארגאניזירען די ניט־ארגאניזירטע ארבייטער און דעם גרויסען ערפאלג, וואס ער האט דערגרייכט, ווי אויך פאר זיין פראגרעסיווען שטאנדפונקט וועגען זעלבסטשטענדיגער ארבייטער פאליטיק, האלט איך אים אבער דאך ניט פאר דעם אידעאלסטען פרידען מאכער. מיר שיינט, אז לואיס איז מעהר צוגעפאסט צו פירען קריג איידער צו מאכען שלום. עס זעהט מיר אבער אויך אויס, אז צווישען די פירער פון דער אמעריקען פעדעריישאן או לייבאר זיינען פאראן אזעלכע, וואס זיינען מעהר צוגעפאסט פאר קריג, ווי פאר פרידען, און זיי האבען זיך גראד ארויסגעוויזען צו האבען מער איינפלוס, ווי מען האט גערעכענט. דאס זעהט מען פון דעם וואס אויף דער לעצטער זיצונג פון דער עקזעקוטיווע פון דער פעדעריישאן אין מיאמי זיינען אויסגעשלאסען געווארען פון דער פעדעריישאן די מאינערס יוניאן מיט די גלאזמאכער יוניאן און די יוניאן פון די מאין, מיל און סמעלטערס ארבייטער. און אויב דער גרויסער ברייטער עולם קען נאך באגרייפען פארוואס מען האט אויסגעשלאסען די מאינערס יוניאן, ווייל זי איז לואיסעס, קען ער אבער גארניט פארשטעהן פאר וואס די עקזעקוטיווע פון דער פעדעריישאן האט אויסגעקליבען די אנדערע צוויי יוניאנס אויסצושליסען. דער גרויסער עולם האט גראד וועגען אט די צוויי יוניאנס ווייניג געהערט וועגען זייער טעטיגקייט אין דער סי. אי. א. און מיט וואס זיי האבען זיך אזוי שטארק פארזינדיגט ביי די פירער פון דער א. פ. א. ל.

אבער עס איז אין דעם פרט ניט אזוי וויכטיג וואס דער גרויסער ברייטער עולם וועט זאגען, ווייל דער גרויסער ברייטער עולם האט א קורצען זכרון און פארגעסט גיך. דער עיקר איז דא וואס די קריגערישע עלעמענטען אין דער פירערשאפט פון דער א. פ. או ל. האבען זיך ארויסגעוויזען צו זיין שטארקער און איינפלוסרייכער ווי די פרידען־זוכער.

נאר אויב דער פרידען אין די רייען פון דער אמעריקאנער ארבייטערשאפט איז איצט געווארען ווייטער ווי ער איז געווען פריהער, מוז ער דאך בלייבען שטעהן אויף דער טאגעס־ארדנונג און מען טאר ניט אויפהערען ריידען וועגען דעם, ווייל די ארבייטער מוזען האבען פרידען אין זייערע רייהען.

***

ווען אויף דער קאנווענשאן פון די מאינערס יוניאנס איז באשלאסען געווארען, אז עס זאל אויף ווייטער בלייבען דער אלטער פונקט פון דער קאנסטיטוציע פון דער מאינערס יוניאן, וואס פארבאט אריינצונעמען מיטגלידער פון קו־קלוקס־קלען, פון נעשאנעל טשיימבער או קאמערס, פון אי דאבליו דאבליו און פון דער קאמוניסטישער פארטיי, האט איינער פון די דעלעגאטען ערקלערט, אז ער איז א קאמוניסט און ער האט געהאלטען א רעדע געגען דעם דערמאנטען פונקט. האב איך גערעכענט, אז גלייך נאך דער רעדע וועט מען דעם דעלעגאט אויסשליסען פון דער קאנווענשאן, ווייל אלס א קאמוניסט טאר ער דאך אפילו ניט זיין קיין מיטגליד פון דער יוניאן. אבער צו מיין גרויס באוואונדערונג האט מען אים געלאזען ווייטער זיין א דעלעגאט. איך האב אויך גערעכענט, אז די קאמוניסטישע פרעסע וועט זעהר שארף ארויסטרעטען געגען דער מאינערס קאנווענשאן און באזונדערס געגען לואיסן, וואס האט דערלאזען, אז דער דערמאנטער פונקט זאל בלייבען אין דער קאנסטיטוציע פון דער מאינערס יוניאן. אבער צו מיין גרויסען וואונדער איז די קאמוניסטישע פרעסע געווען זעהר מילד און אויף מארגען האט זי עס אינגאנצען פארגעסען. זי האט אפילו זיך ניט באנוצט מיט דער געלעגענהייט עפעס צו זאגען, ווען לואיסעס יוניאן שכירות זיינען געהעכערט געווארען אויף 25 טויזענט דאלאר א יאר. מיינט עס, אז ניט אלע פונקטען אין א קאנסטיטוציע ווערען אריינגעשריבען מיט'ן פולען ערנסט? נאר וועגען דעם וואלט איך בעסער געוואלט הערען וואס די קאמוניסטען האבען צו זאגען. איז עס דאך א פראגע, וואס איז זיי נוגע און זיי דארפען וויסען בעסער.

***

די צאל ארבייטסלאזע ווערט איצט געשאצט ארום 13 מיליאן. פרעזידענט רוזוועלט האט אנפאנג פעברואר געזאגט, אז אין די לעצטע דריי חדשים זיינען צוגעקומען דריי מיליאן נייע ארבייטסלאזע און די צעהלונג פון ארבייטסלאזע, וואס איז דורכגעפירט געווארען מיט דריי חדשים צוריק, האט אנגעגעבען די צאל ארום צעהן מיליאן. אויף דעם גרונט האט רוזוועלט פארלאנגט פון קאנגרעס, אז ער זאל צו די פריערדיגע אנדערהאלבען ביליאן דאלאר באוויליגען נאך 250 מיליאן פאר דעם הילפספאנד פון די ארבייטסלאזע. עס איז אבער א סברא, אז דאס וועט זיין צו ווייניג און עס וועט געמאכט ווערען א פארשלאג אין קאנגרעס, אז די סומע זאל געהעכערט ווערען. אין דערפון דארף מען דרינגען, אז מען מעג די איצטיגע שלעכטע עקאנאמישע לאגע אנרופען מיט דעם אלטען באקאנטען נאמען דעפרעסיע, אנשטאט דעם נייעם נאמען „רעסעסיע", וואס מען האט איר פרובירט געבען.

עס קען אפשר אויסקוקען נאריש, וואס מען זוכט אויסצומיידען דעם ריכטיגען נאמען. אייגענטליך איז אויך דער נאמען דעפרעסיע באנוצט געווארען אויסצומיידען דעם מעהר אונאנגענעמען נאמען קריזיס. הואווער האט א לענגערע צייט איבערהויפט ניט געוואלט צוגעבען, אז אין לאנד עקזיסטירט א קריזיס. ער האט געזאגט, אז עס איז ניט מער ווי אן איינריידעניש, א פסיכאלאגישע פארפירעניש, אז עס עקזיסטירט א קריזיס. זאלען מענשען אויפהערען צו טראכטען און צו ריידען וועגען דעם, אז עס איז פאראן א קריזיס און ער וועט מער ניט זיין. מען האט דעמאלט זיך א רעכט ביסעל געוויצעלט וועגען הואווער'ס טעאריע, אבער אין דער אמת'ן איז הואווער געווען ניט דער איינציגער, וואס האט געזוכט צו פארבינדען דעם קריזיס מיט פסיכאלאגיע און וואס האט געגלויבט, אז מען קען אים מיט פסיכאלאגיע פארטרייבען. עס זיינען איצט פאראן גאר א סך וואס גלויבען, אז מען קען דעם קריזיס פארריידען די צייהן און איהם אפשאפען דורך פסיכאלאגיע.

מיט א פאר יאר צוריק איז איינער א מר. קעלקינס ארויסגעקומען אין דעם זשורנאל „קארענט היסטארי" ווי אזוי דער קריזיס קען אפגעשוואכט ווערען. זיין טעאריע איז געווען, אז מען דארף פון קריזיס וועלען פטור ווערען. עס הייסט, אז יעדער, וואס לעבט אין אמעריקע זאל אנפאנגען גלויבען מיט'ן גאנצען הארצען, אז עס איז ניטא קיין אורזאך פארוואס עס זאל זיין א קריזיס אין אונזער לאנד און אז יעדער קען האבען ארבייט, קען פארדינגען און קויפען אלץ, וואס ער דארף, און דער קריזיס וועט פארשווינדען און אויף זיין פלאץ וועט קומען פראספעריטי. ווארים וואס איז דען אייגענטליך נויטיג פאר פראספעריטי? — עס איז בלויז נויטיג א שטענדיגער נארמאלער שטראם פון פראדוקטען פון די פראדוצירער צו די פארברויכער, און דאס קען מען האבען ווען די מענשען אין אמעריקע זאלען אנפאנגען גלויבען באמונה שלמה, אז עס איז ניטא מעהר קיין דעפרעסיע אין אמעריקע.

נאר ווי אזוי מאכט מען זיי עס גלויבען? אויף דעם האט מר. קעלקינס געגעבען אן עצה: מען דארף געפינען א גוטען שלאג־ווארט, א געלונגענעם אויסדרוק, וואס זאל מאכען די מענשען אין אמעריקע גלויבען, אז עס איז ניטא מער קיין קריזיס.

פרעזידענט רוזוועלט, זאגט ער, האט געטאן א סך וואונדערליכע זאכען. ער האט אפשר אפגעשאפט די וויכטיגסטע שטערונגען, וועלכע זיינען געשטאנען אויף דעם וועג פון פראספעריטי, אבער דאס פאלק גלויבט ניט. מען דארף דעריבער איצט זאגען די אמעריקאנער מאסען עפעס אזוינס, וואס זאל זיי עלעקטריזירען, דאס ווארט דארף געזאגט ווערען מיט אזא קראפט, מיט אזא ברען, אז עס זאל זיי א נעם טאן פאר'ן הארצען, עס זאל אויפרודערען זייערע געפיהלען און זיי אויפוועקען צו א פיבערהאפטיגער טעטיגקייט. דער אמעריקאנער מענש, זאגט קעלקינס, איז אזעלכער, וואס מען קען האבען אויף אים א בעסערע ווירקונג, ווען מען אפעלירט מער צו זיינע געפיהלען ווי צו זיין שכל.

אט די אלע זאכען, ווי גאלד־סטאנדארד, גאלד־סטאבילעזירונג, אינפלאציע א. א. וו. זיינען פאר'ן גרויסען עולם אומפארשטענדיכע זאכען. עס איז ניטא אין זיי אזוינס וואס זאל אויפרודערען דעם געמיט און אנצינדען די פאנטאזיע. די פאלקס־מאסען קענען דעריבער אט מיט די זאכען זיך ניט פאראינטערעסירען, אויסער ווען עס זאל ווערען וועגען זיי א גרויסע מחלוקה, א קאמף. און אפילו אויך דעמאלט וועט עס דעם פאלק ניט אזוי שטארק פאראינטערעסירען. דער עיקר איז, ניט מאכען מענשען פארשטעהן, נאר זיי מאכען גלויבען. די געשיכטע פון דער מענשהייט באווייזט, אז מען האט די מענשען שטענדיג גיכער אויפגערודערט דורך גלויבען ווי דורך שכל.

פרעזידענט רוזוועלט מוז דעריבער פאר דעם צוועק אויסזוכען נייע שלאג־ווערטער, וואס זאלען רייצען די פאנטאזיע. די ווערטער, מיט וועלכע ער האט זיך ביז איצט באנוצט, זיינען אזעלכע לאנגע, הארטע און אומגעלומפערטע, אז זיי קענען זיך צו קיינעם ניט צוקלעפען און פאר די מייסטע זיינען זיי איינפאך אונפארשטענדליך און זינלאז. און נאך ערגער איז עס מיט די ראשי תיבות'ן, וואס מען האט פון זיי געמאכט. עס זיינען אותיות, וואס די מייסטע ווייסען אפילו ניט וואס זיי באדייטען. אט נעמט, למשל, זאגט מר. קעלקין, דעם ראשי תיבות פ. ה. א., וואס האט דאכט זיך געדארפט פאראינטערעסירען א סך מענשען. אין די דריי אותיות ליגט פאר זיי באהאלטען א סך פרייד. זיי זאגען זיי, אז זיי קענען זייערע אלטע, אפגעלאזענע הייזער באנייען און באשעהנען. די דריי אותיות זיינען ראשי תיבות פון „פעדעראל האוזינג אדמיניסטריישאן", די קערפערשאפט, וואס מאכט מעגליך, אז יעדער, וואס האט א הויז, זאל קריגען געלט עס אויסצובעסערען, באנייען, אפפרישען און איינפירען נייע באקוועמליכקייטען. אבער עס האט דעם עולם געלאזען קאלט, עס האט אין אים ניט ארויסגערופען די מינדסטע באגייסטערונג. די מייסטע באנוצען זיך אפילו ניט מיט דער געלעגענהייט, וואס מען האט זיי געגעבען. און דאס איז אלץ דערפאר ווייל די ווערטער זיינען אזעלכע טרוקענע, ניט קיין אנציהענדע. א סך ווייסען אפילו ניט וואס עס מיינט „פעדעראל האוזינג אדמיניסטריישאן". ווען מען וואלט אבער אנשטאט אט די הארטע לאנגע ווערטער בעסער באנוצט ווערטער וואס וואלטען אויסגעמאלען א בילד, ווי מען קען פון אן אלטע כאלופע מאכען א פאלאץ מיט אלע מאדערנע באקוועמליכקייטען, מיט א גארטען פון בלומען און פרוכטבוימער, און דאס אלץ פאר קליינע מאנאטליכע אפצאהלונגען, וואלט עס א ציה געטאן דעם עולם ווי מיט א מאגנעט, מען וואלט באלאגערט די באנקען צו קריגען דאס פארשפראכענע געלט און עס וואלט זיך אין לאנד אנגעפאנגען א בוי־טעטיגקייט, וואס אמעריקע האט עס אפשר נאך קיינמאל ניט געזעהן.

קורץ און גוט, מען דארף וויסען ווי צו באארבייטען די מענשלאכע פסיכאלאגיע. מען דארף ווייניגער זיך אנשטרענגען זיי צו מאכען פארשטעהן זאכען, נאר פיל מער זיי צו מאכען גלויבען אין זאכען. מען דארף דעריבער געפינען די ריכטיגע ווערטער, וואס קענען מאכען אן איינדרוק און וואס קענען מאכען גלויבען, אז עס איז ניטא קיין קריזיס, אז עס איז ניטא קיין אורזאך פאר קיין קריזיס און אלץ וועט זיין אלראיט.

איצט הערען מיר פון פארשידענע זייטען דיזעלביגע טעאריע אדער פילאזאפיע נאך מיט מער שטארקייט. די אלע ערקלערונגען, וואס זיינען געגעבען געווארען ביז איצט פאר וואס די עקאנאמישע לאגע האט זיך ווידער אזוי פארערגערט, זיינען געווען ווייט ניט גענוג איבערצייגענד. און עס איז דעריבער איצט א סך לייכטער פאר די, וואס ווילען עס, ארויסצוקומען מיט דער באקאנטער טעאריע פון פסיכאלאגיע. עס הייסט, אז עס איז איצט ניט מער ווי א פסיכאלאגישע דעפרעסיע און מען דארף ממילא בלויז ווירקען, אז די מענשען זאלען אנפאנגען גלויבען, אז עס איז קיין דעפרעסיע ניטא, און זי וועט מער ניט זיין.

נאר וואס העלפט עס, אז מען האט נאך ביז היינט ניט געפונען דאס ריכטיגע ווארט צו פארריידען דעם קריזיס די צייהן. אפילו מר. קעלקינס אליין האט עס ניט געקענט געפינען. ער וואלט מיט די שענסטע ווערטער ניט געקענט באגייסטערן דעם עולם פאר דער פעדעראל האוזינג אדמיניסטריישאן. און דאס איז דערפאר, וואס זי האט א גרויסען חסרון. די צרה מיט איר איז, וואס זי שענקט ניט קיין געלד, נאר זי גיט א הלואה, וואס מען דארף באצאהלען מיט פראצענט. כאפט זיך דעריבער דער עולם ניט, אויסער ווען איינעם רינט שוין פון דאך איבער'ן קאפ. די אלע אדווערטייזינג מליצות וועגען פאלאצען, בלומען גארטענס, מאדערנע באקוועמליכקייטען א. אז. וו., וועלען דא גארניט העלפען, ווייל מען דארף דערפאר באצאהלען.

ווירטשאַפט, וואָס פאַר אַ גוואַלדיגען עפעקט אַ פּלאַנירטע ווירטשאַפט קאָן געבען?

פאַרשטייען זיי ניט, וויפיל ענערגיע, אַרבייט און רייכטום עס גייט אין גיוועץ אין אַן אומפּלאַנירטער ווירטשאַפט?

דער כאַראַקטער פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט גופא ברענגט אומבאַדינגט צו דעם, אַז די דאָזיגע ווירטשאַפט מוז אָביעקטיוו זיין אַן אומפּלאַנירטע.

די אומפּלאַנירטע קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט איז אַ רעזולטאַט פון יענע טיפע ווידערשפּרוכען, מיט וועלכע די דאָזיגע ווירטשאַפט איז דורכגעדרונגען.

די קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט איז ניט אַ רעזולטאַט פון איר אומפּלאַנירטקייט, נאָר די אומפּלאַנירטקייט איז אַן אומפאַרמיידלאַכער רעזולטאַט פון דער דאָזיגער סיסטעם. איינער פון די גרונד שטריכען פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט באַשטייט אין דעם, וואָס דער כאַראַקטער פון איר פּראָדוקציע איז אַ געזעלשאַפטלאַכער. יעדע איינצעלנע קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונג, יעדע איינצעלנע אינדוסטריע איז אָרגאַניש פאַרבונדען מיט אַלע אַנדערע אונטערנעמונגען, מיט אַלע אַנדערע אינדוסטריען.

אַלץ וואָס ווערט געשאַפען אין יעדער איינצעלנער אונטערנעמונג ווערט געשאַפען פאַר דעם געברויך פון דער גאַנצער געזעלשאַפט.

ניט מער, אום די דאָזיגע פּראָדוקטען זאָלען דערגיין צו די יענגי,ע וועלכע נויטיגען זיך אין זיי, מוזען זיי פריער פאַרוואַנדעלט ווערען אין סחורות.

ווערענדיג געשאַפען פאַר דעם געברויך פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, פאַרבלייבען זיי אָבער דאָס פּריוואַט אייגענטום פון יענעם קאַפּיטאַליסט, אין וועמענס אונטערנעמונג זיי זיינען געוואָרען פּראָדוצירט.

יעדער, וואָס נויטיגט זיך אין די דאָזיגע סחורות, מוז זיי קויפען.

קויפען הייסט אויסטויש.

אום צו באַקומען אַ געוויסע סחורה, מוז זי ווערען אויסגעטוישט אויף דעם ווערט פון עפּעס אַנדערש.

אום עפּעס צו קויפען אין דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט, מוז מען פריער האָבען עפּעס צו פאַרקויפען. דער וואָס האָט ניט וואָס צו פאַרקויפען, איז געצוואונגען צו פאַרקויפען זיין אַרבייט קראַפט, אויב ער געפינט נאָר אימיצען, וואָס איז וויליג צו קויפען די דאָזיגע אַרבייט קראַפט.

דער כאַראַקטער פון דער קאַפּיטאַליסטישער פאַרטיילונג, הייסט עס, איז אַ פּריוואַטער, אינדיווידועלער.

אין געגענזאַץ צו דעם געזעלשאַפטלאַכען כאַראַקטער פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע טראָגט די קאַפּיטאַליסטישע פאַרטיילונג דעם שטעמפּעל פון פּריוואַט אייגענטום.

דאָס איז איינער פון די גרונד פּרינציפּען פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם און דאָס איז איינע פון די גרונד ווידערשפּרוכען פון דער דאָזיגער סיסטעם.

אַ ווירטשאַפט, וואָס איז באַזירט אויף דעם דאָזיגען פּרינציפּ; אַ ווירטשאַפט, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט דעם דאָזיגען ווידערשפּרוך, קאָן אָביעקטיוו בשום אופן ניט זיין קיין פּלאַנירטע.

***

קאָן אָבער אַ ווירטשאַפטלאַכע סיסטעם עקזיסטירען ווען זי ווערט ניט רעגולירט?

קאָן אַזאַ ווירטשאַפטלאַכע סיסטעם ניט נאָר עקזיסטירען, נאָר אויך זיך אַנטוויקלען?

די קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט ווערט ניט רעגולירט דורך אַ באַוואוסטזיניגען פּלאַן פון דעם צענטראַליזירטען ווילען פון דער אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט. די קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט ווערט אָבער רעגולירט דורך דעם ווערט און דעם פּרייז פון די סחורות.

דאָס שטייגען און דאָס פאַלען פון די פּרייזען צווינגט צו פאַרגרעסערען אָדער פאַרקלענערען דעם וואוקס פון די פּראָדוצירטע סחורות.

צוליב דעם פעלט שטענדיג אין אַזאַ סיסטעם דער ווירטשאַפטלאַכער גלייכגעוויכט.

אַלץ ווערט פּראָדוצירט פאַר'ן מאַרק. דערפאַר מוז זיך די פּראָדוקציע צופּאַסען צו דער קויף קראַפט פון דער באַפעלקערונג.

די קויף קראַפט פון דער באַפעלקערונג, אונטער די באַדינגונגען פון אַ קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט, האַלט אָבער שטענדיג אין פאַלען אין פאַרגלייך מיט דער אַלץ וואַקסענדער און שטייגענדער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג.

צוליב דעם ווערט געשאַפען אַן אָפּגרונד צווישען דער פּראָדוקציע און דעם געברויך.

ווען דער דאָזיגער אָפּגרונד אַנטוויקעלט זיך אַזוי ווייט, אַז דאָס פעלען פון דעם ווירטשאַפטלאַכען גלייכגעוויכט ערגרייכט צו זיין מאַקסימום, דעמאָלט האָבען מיר אַ קריזיס.

דער קריזיס שטעלט אַיין דעם פאַרלאָרענעם גלייכגעוויכט. קיין קריזיס איז אָבער ניט אימשטאַנד איינצושטעלען אַ פולשטענדיגען גלייכגעוויכט אין דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט. אַ פולשטענדיגער ווירטשאַפטלאַכער גלייכגעוויכט איז אונטער קאַפּיטאַליזם אין גאַנצען ניט מעגלאַך.

דערצו איז אויך וויכטיג צו אונטערשטרייכען, אַז דער קריזיס שטעלט איין דעם פאַרהעלטניסמעסיגען ווירטשאַפטליכען גלייכגעוויכט אויף אַ צוואַנגהאַפטען אופן, אַרויסרופענדיג צייטווייליג גוואַלדיגע עקאָנאָמישע דערשיטערונגען.

***

דאָס רעגולירען פון דע־ ווירטשאַפט דורך דעם ווערט און די פּרייזען פון די סחורות, דאָס איינשטעלען דעם פאַרהעלטניסמעסיגען ווירטשאַפטלאַכען גלייכגעוויכט דורכ'ן קריזיס, זיינען אַן אויסדרוק פון יענע געזעצן, וועלכע באַאיינפלוסען די קאַפּיטאַליסטישע עקאָנאָמיק.

## די „האַפּמאַן"-מאַשין

פון חיים פלאַטקין.

ווייך און גלאַט;
די פּרעס־מאַשין,
די נייע,
הונגעריגע חיה,
שטייט ווי אַ געלאַדענער האַרמאַט,
מיט אַ מויל —
ווייך און גלאַט;
יעדער ברי פון פּרעס־מאַשין,
באַקט אָפּ אַ האַלבע קלייד;
ליפּן ברייטע דריקן צו, —
אַ מויל אָן ציין...
ליפּן פולע בלייבן שטיל,
און דאַמף פּאַרייט, —
אַ מינוט —
מויל איז ווידער גרייט!
מ—אַ—ש—י—ן
דערלאַנג — אַ סך!
הערי, שנעלער, פּרעסער יונג!
שנעלער,
שנעלער,
פלינק!
ס'איז אַ מויל אַזאַ. —
נאָר אָן אַ צונג...

ס'איז אַ מויל אַזאַ,
וואָס קייט און זינגט,
אַ גליד אַזאַ,
פון רעדך־בינד;
אַ רעד צום „בוילער"־פּאַס,
אַ רעד צום קעסל־גאַז,
אַ רעד וואָס לעשט און צינדט.
גלים מאַשין ווי פייער זון
אויף שטאַרקען פּרעסער־יונג;
ריטשקעס שווים פון לייב,
באַרן זיינע מרים...
קנוילן דאַמף פון וואַסער־רער,
ווי פּרופּיק — בריט.

אין שוואַרצן דראָט־געדריי,
אויף סטעליע, איבער פּרעס־טיש,
הענגען פינף לעמפּלעך אין אַ ריי.
פיר פון זיי —
פאַרלאָשענע אויגן,
מיט שפּיך־הויב באַצויגן;
ס'איז „ביזי" די שפּין...
נאָר איין איינזן מיט אַ לעמפּעלע גליט, —
די איבעריגע — איבעריג,
זשאַווערדיק. —
און פאַר די פאַרלאָשענע פיר,
פּרעסט שוין די חיה,
די נייע —
די „האַפּמאַן"־מאַשין...

די קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט איז אַן אומפּלאַנירטע צוליב דעם כאַראַקטער פון אירע אינערלאַכע ווידערשפּרוכען און צוליב דעם כאַראַקטער פון אירע עקאָנאָמישע געזעצן, וואָס רעגולירען איר עקזיסטענץ און אַנטוויקלונג. דערפאַר קאָן מען ניט ריידען וועגען פּלאַן נאָר ווי וועגען אַ מעטאָד אָדער נאָר ווי וועגען אַ טעכנישען מיטעל.

דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער באַגריף פון פּלאַן איז ענג פאַרבונדען מיט דער סטרוקטור פון דער ווירטשאַפטליכער סיסטעם.

צוליב די טיפע עקאָנאָמישע ווידערשפּרוכען אין דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט מוז אָביעקטיוו די גאַנצע סיסטעם אומפאַרמיידלאַך פאַרבלייבען אַ סיסטעם פון אומפּלאַנירטער עקאָנאָמיק.

עס איז ניט מעגלאַך סתם צו פאַרוואַנדלען די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם אין אַ פּלאַנירטער ווירטשאַפט. אום צו פאַרוואַנדלען די אומפּלאַנירטע קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט אין אַ פּלאַנירטער איז, קודם כל, נויטיג אָפּצושאַפען אַלע ווידערשפּרוכען אין דער דאָזיגער ווירטשאַפט. אָפּצושאַפען אַלע ווידערשפּרוכען אין דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט איז מעגלאַך נאָר מיט דעם אָפּשאַפען פון דעם קאַפּיטאַליזם גופא.

אָפּשאַפען דעם קאַפּיטאַליזם הייסט אָפּשאַפען דעם פּריוואַט אייגענטום.

***

נאָר מיט דעם אָפּשאַפען פון פּריוואַט אייגענטום ווערען אָפּגעשאַפט אַלע קאַפּיטאַליסטישע ווידערשפּרוכען. נאָר מיט דעם אָפּשאַפען פון פּריוואַט אייגענטום ווערט מעגלאַך איינצושטעלען אַן אמת פּלאַנירטע סאָציאַליסטיש אָרגאַניזירטע ווירטשאַפט.

דער כאַראַקטער פון דער סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט באַשטייט אין דעם, וואָס דער אופן פון איר פּראָדוקציע איז אַ געזעלשאַפטליכער. אַלץ וואָס ווערט פּראָדוצירט, ווערט פּראָדוצירט פאַר דעם געברויך פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, אָבער ניט צוליב פּראָפיט, נאָר פאַר דעם איינציגען צוועק צו באַפרידיגען די באַדערפענישען פון אַלע מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. דאָס הייסט, אַז אויך דער כאַראַקטער פון דער פאַרטיילונג פון די געשאַפענע פּראָדוקטען איז אַ געזעלשאַפטליכער. די פּראָדוקטען ווערען ניט פאַרוואַנדעלט אין סחורות. אום צו באַנוצען די דאָזיגע פּראָדוקטען איז ניט נויטיג זיי צו קויפען. ניט דער ווערט — ווערט אין קאַפּיטאַליסטישען זין הערט אינגאַנצען אויף צו עקזיסטירען — און ניט די פּרייזען רעגולירען די ווירטשאַפט. ניט סחורות — טויטע זאַכען געשאַפען פון לעבעדיגע מענשען — באַאיינפלוסען דעם גאַנג און די אַנטוויקלונג פון דער ווירטשאַפט, נאָר דער לעבעדיקער צענטראַליזירטער ווילען פון דער סאָציאַליסטיש־אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט.

אַנשטאָט דעם כאַראַקטער פון דער קאַפּיטאַליסטישער פאַרטיילונג טראָגט די סאָציאַליסטישע פאַרטיילונג אַ געזעלשאַפטלאַכען כאַראַקטער.

קיין שום ווידערשפּרוך צווישען דעם פּראָצעס פון דער פּראָדוקציע און דער פאַרטיילונג איז דאָ ניט פאַראַן. די גאַנצע געזעלשאַפט איז קאָלעקטיוו אָרגאַניזירט פאַר געמיינשאַפטלאַכער פּראָדוקציע און געמיינשאַפטלאַכער פאַרטיילונג פון די געשאַפענע פּראָדוקטען.

אַ ווירטשאַפט, וואָס איז געבויט אויף דעם דאָזיגען פּרינציפּ, אַ ווירטשאַפט וואָס איז געבויט אויף דעם באַזיס פון אַזוינע געזעלשאַפטליכע באַציהונגען, מוז זיין באמת אַ פּלאַנירטע ווירטשאַפט.

קאַפּיטאַליזם קאָן פּלאַנירען. אָבער אויף זיין אייגענעם שטייגער און אויף זיין אייגענעם אופן.

אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה האָבען מיר געהאַט פּרואוון אין פאַרשיידענע לענדער צו פּלאַנירען די ווירטשאַפט, איינצושטעלען דעם אַזוי גערופענעם קריגס סאָציאַליזם. אויך איצט פּרואווט דער קאַפּיטאַליזם אין די פאַשיסטישע לענדער צו פּלאַנירען. און אויך איצט איז דער פּרואוו צו פּלאַנירען פאַרבונדען מיט קריג.

דער אמת'ער אינהאַלט פון דעם אַזוי גערופענעם פּלאַנירען אין די פאַשיסטישע לענדער באַשטייט אין אויסאַרבייטען אַ צוגרייטונגס פּלאַן פאַר דער קומענדיגער וועלט־מלחמה.

אין דער צייט פון דער דעפּרעסיע האָט די קאַפּיטאַליסטישע פּלאַנירונג זיך אויסגעדריקט אין פאַרברענען ווייץ, קאָרן און אַנדערע לעבענס מיטלען.

היינט באַשטייט די קאַפּיטאַליסטישע פּלאַנירונג אין צוגרייטען אַ נייע וועלט־מלחמה — אין צוגרייטען דאָס פאַרברענען פון לעבעדיגע מענשען.

# פלאַנירטע עקאָנאָמיק

## פון פראָפעסאָר א. דוביצקי

פלאַנירען, רעגולירען, רעגלאַמענטירען — דאָס זיינען לעצטענס געוואָרען ווערטער, וואָס גייען ניט אַרונטער פון טאָג־אָרדנונג פון דער היינטיגער פּאָליטיק און פון די בלעטער פון צייטונגען, זשורנאַלען, ספּעציעלע פּאַמפלעטען, ביכער, אויספאָרשונגען.

און ניט נאָר ווערט וועגען דעם אַ סך גערעדט און געשריבען, נאָר די אידייע פון פּלאַנירען האָט שטאַרק באַאיינפלוסט אַ גאַנצע ריי פּראַקטישע פּאָליטישע טוער און די עקאָנאָמישע פּאָליטיק פון אַ צאָל לענדער איז טיף דורכגעדרונגען מיט דער דאָזיגער אידייע.

און מערקווירדיג, נאָך גאָר ניט לאַנג צוריק איז דער געדאַנק וועגען פּלאַנירען געווען אַלגעמיין אנערקענט ווי אַ גוואַלדיגע עקאָנאָמישע אַפּיקורסות.

די הערשענדע עקאָנאָמישע טעאָריע איז כמעט אין גאַנצען געווען אונטער דעם איינפלוס פון דעם געדאַנק, אַז די געזעצען פון דער עקאָנאָמיק זיינען אַזוי ווי די געזעצען פון דער נאַטור. די עקאָנאָמישע כוחות אַנטוויקלען זיך, מוזען און קאָנען זיך אַנטוויקלען נאָר דעמאָלט ווען זיי זיינען אינגאַנצען פריי און אומאָפּהענגיג פון יעדען אויסערליכען דרוק. יעדע רעגלאַמענטאַציע, יעדע אויסערליכע אַריינמישונג, יעדע שטרעבונג צו באַאיינפלוסען דעם נאַטירליכען אַנטוויקלונגס פּראָצעס פון די דאָזיגע אונקאָנטראָלירטע עקאָנאָמישע כוחות קאָן און מוז שעדיגען זייער ווירטשאַפטליכען עפעקט. די עקאָנאָמישע פּאָליטיק טאָר בשום אופן ניט באַאיינפלוסט ווערען אויף אַן אָרגאַניזירטען אופן פון דער אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט — פון דער מלוכה.

***

די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג הייסט עס איז איין זאַך און די מענשלאַכע געזעלשאַפט איז גאָר אַן אַנדער זאַך. זיי קערען זיך אינגאַנצען ניט אָן איינער מיט דעם אַנדערען. יעדער גייט זיך זיין גאַנג, יעדער פון זיי אַנטוויקעלט זיך אויף זיין אייגענעם שטייגער, לויט זיינע אייגענע געזעצען.

היינט הערט זיך מער ניט דער דאָזיגער געדאַנק. און אויב אַן אָפּקלאַנג פון דעם דאָזיגען געדאַנק דערגייט נאָך צו אונז פון ערגעץ אַ ווייט פאַרוואָרפען ווינקעל, קלינגט זיין שטים זייער דומף, שוין אינגאַנצען ניט מיט יענער זיכערקייט און האַפערדיגקייט ווי אַמאָל.

גראַד פאַרקערט. פּלאַנירען פאַרנעמט היינט זייער אַ בכבוד׳יגען אָרט. און ניט נאָר אין דער הערשענדער טעאָריע, נאָר אויך אין דער פּראַקטיק.

אַלע פּלאַנירען. וואָס איז ביי אונז אין אַמעריקע דער „ניו דיל״ אויב ניט אַ פּרואוו אויף אַ געוויסען אופן צו פּלאַנירען און באַאיינפלוסען די אַמעריקאַנער ווירטשאַפט ?

וואָס איז די סיסטעם פון קאָנטינגענטען, דאָס רעגולירען פון עקספּאָרט און אימפּאָרט, די פאַרצווייגטע און קאָמפּליצירטע טאַריף סיסטעמען, דאָס רעגולירען פון דער וואַליוטע, אַ גאַנצע ריי נייע פאָרמען פון האַנדעלס באַציהונגען און האַנדעלס אָפּמאַכען צווישען לענדער, אויב ניט די זעלבע טענדענץ צו רעגולירען און רעגלאַמענטירען די נאַציאָנאַלע ווירטשאַפט ?

און דאָס פּלאַנירען אין די פאַשיסטישע לענדער! דאָרטען האָט איר שוין ניט נאָר א טענדענץ, ניט נאָר א שטרעבונג, אָן אַנווענד פון דעם דאָזיגען פּרינציפּ נאָר אויף אַ באַשטימטען און זייער באַגרענצטען אופן, נאָר דאָ האָט איר שוין צו טאָן מיט אַ ווירטשאַפטלאַכער סיסטעם, וואָס איז אינגאַנצען פון אויבען ביז אונטען טיף דורכגעדרונגען מיט דעם דאָזיגען פּרינציפּ, וואו רעגלאַמענטירען און רעגולירען איז פליש און בלוט פון דער גאַנצער פּאָליטישער שיטה, וואו פּלאַנירען און באַאיינפלוסען די גאַנצע ווירטשאַפט איז איינער פון די כאַראַקטעריסטישע שטריכען, וואָס איז אומאָפּטיילבאַר פון דעם גאַנצען רעזשים.

***

פּלאַנירען איז אַן אידייע וואָס איז אומאָפּטיילבאַר פון סאָציאַליזם. נאָך מער. די דאָזיגע ביידע באַגריפען זיינען כמעט אידענטיש. ווען איר רעדט וועגען סאָציאַליזם איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז איר האָט אין זינען אַ פּלאַנירטע ווירטשאַפט. פּלאַנירטע ווירטשאַפט אָדער פּלאַנירטע עקאָנאָמיק ווערט אָפט באַנוצט צו באַצייכענען די סאָציאַליסטישע ווירטשאַפט סיסטעם אין געגענזאַץ צו דער קאַפּיטאַליסטישער אומפּלאַנירטער, אַנאַרכיסטישער סיסטעם. פּלאַנירטע אָדער אַנאַרכיסטישע ווירטשאַפט איז, לויט דער דאָזיגער דעפיניציע, דער הויפּט, כמעט דער איינציגער אונטערשייד צווישען קאַפּיטאַליזם און סאָציאַליזם.

דערפון, אגב אורחא, ווערט אויך אָפט געמאַכט דער פאָלגענדיגער אויספיר. דער אונטערשייד צווישען קאַפּיטאַליזם און סאָציאַליזם, הייסט עס, איז נאָר אין — פּלאַן און אַנאַרכיע. אויב אַזוי, איז דאָך די אויפגאַבע זייער אַ פּשוט׳ע.

עס איז אין גאַנצען ניט נויטיג אָפּצושאַפען די קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט. אַלץ קאָן בלייבען ווי עס איז. ניט מער, עס פאָדערט זיך צו פאַרוואַנדלען די קאַפּיטאַליסטישע אומפּלאַנירטע ווירטשאַפט אין אַ פּלאַנירטער. און דערפון טאַקע פאַרשיידענע פּרואוון צו פּלאַנירען אין די ראַמען פון קאַפּיטאַליזם.

דערפון אויך די באַהויפּטונג פון די פאַשיסטען, און זייער פּראַקטישע שטרעבונג, אָנצואווענדען דעם פּרינציפּ פון פּלאַנירען, ניט פאַרטשעפּענדיג די גרונד יסודות פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט און ניט אָפּשאַפענדיג דעם הויפּט פּרינציפּ פון קאַפּיטאַליזם — פּריוואַט אייגענטום.

אַנשטאָט אָפּצושאַפען פּריוואַט אייגענטום אויף די פּראָדוקציע מיטלען — דער איינציגער און אמת׳ער וועג איינצושטעלען אַ סאָציאַליסטישע ווירטשאַפט, — אַנשטאָט אַ שטרעבונג צוצופּאַסען דעם וואוקס פון דער פּראָדוקציע צו די באַדערפעניש, געניער, צו דער קויף קראַפט פון דער באַפעלקערונג, וואָס איז איינע פון די גרונד שטריכען פון דער עקאָנאָמישער פּאָליטיק פון רוזוועלט׳ן, זוכט די פאַשיסטישע רעגירונג פון דייטשלאַנד ביז מאַקסימום צו העכערען איר אינדוסטריעלע פּראָדוקציע דורך אַ סיסטעם פון רעגולירען די פּרייזען און אַרבייטס לוין.

די רעגירונג האָט ניט אָפּגעשאַפט פּריוואַט אייגענטום. די רעגירונג האָט פאַרוואַנדעלט פּריוואַט אייגענטום אין אַ „פונקציע״, אין אַ „פליכט עקאָנאָמיש צו דינען דער מלוכה״.

די רעגירונג האָט דורכגעפירט אַ פולשטענדיגע רעגלאַמענטאַציע, מער — אַ פולשטענדיגע מיליטאַריזאַציע פון אַלע פאַזען אין לעבען פון אַלע דייטשע בירגער. יעדע פאַזע אין לעבען פון עקאָנאָמישער טעטיגקייט געפינט זיך אונטער דעם שטרענגסטען קאָנטראָל פון דער מלוכה.

די רעגירונג האָט אָפּגעשאַפט די עקאָנאָמישע סיסטעם, וואָס האָט זיך געשטיצט אויף דער „פרייער שפּיל פון אונקאָנטראָלירטע כוחות״.

אַנשטאָט דעם, הערשט אין נאַצי־דייטשלאַנד אַ סיסטעם „וואָס שטעלט מיט זיך פאָר, אין גרונד גענומען, א צוריקגאַנג צום מערקאַנטאַליזם פון זעכצענטען און זיבעצענטען יאָרהונדערט, אַ סיסטעם וואו דאָס רעגולירען פון אַלץ און אַלעמען האָט זיך אַנטוויקעלט ביז צו אַ מורא׳דיג הויכער מדרגה און האָט געשאַפען אַ קאָלאָסאַלע ביוראָקראַטיע, אַ סיסטעם וואו די גאַנצע דייטשע באַפעלקערונג איז אָרגאַניזירט אין פאַרשיידענע „גרופּען״, „גילדעס״ אָדער „פראָנטס״, אין וועלכע יעדער מיטגליד איז געצוואונגען אויף דעם שטרענגסטען אופן אויסצופאָלגען אַלע באַפעלען.

און אָט אַזאַ סיסטעם רופען די נאַצים אָן מיט דעם נאָמען „פּלאַנירטע ווירטשאַפט״, אָדער „דייטשער סאָציאַליזם״.

***

ניין, ניט דאָס הייסט פּלאַנירטע ווירטשאַפט. וואָס איז שייך סאָציאַליזם, האָט אַזאַ סיסטעם קיין שום געמיינשאַפטליכעס מיט דעם אמת׳ן באַגריף וועגען אַ סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט. גראַד פאַרקערט. אַזאַ סיסטעם שטייט אין שאַרפען געגענזאַץ צו דער אומפאַרמיידלאַכער היסטאָרישער טענדענץ פון אונזער עפּאָכע — דער איבערגאַנגס עפּאָכע פון קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם.

פּלאַן אין דעם סאָציאַל עקאָנאָמישען זין איז ניט קיין טעכנישער מיטעל. אין דעם דאָזיגען זין איז פּלאַן אַפילו ניט קיין מעטאָד. דער סאָציאַל עקאָנאָמישער אינהאַלט פון פּלאַן האָט אַ פיל טיפערע באַדייטונג.

די סאָציאַל עקאָנאָמישע באַדייטונג פון פּלאַן באַשטייט אין דעם, וואָס פּלאַן איז אויך אַ מעטאָד, אָבער ניט נאָר אַ מעטאָד. פּלאַן איז אַ מיטעל צו אָרגאַניזירען אַ געוויסע ווירטשאַפטלאַכע סיסטעם. אָבער נאָר דעמאָלט, ווען דער דאָזיקער טעכנישער מיטעל ווערט אָנגעווענדעט אין אַ ווירטשאַפטלאַכער סיסטעם, וואָס איז געבויט אויף געוויסע און גאַנץ גענויע עקאָנאָמישע פּרינציפּען, קאָן מען באמת ריידען וועגען אַ סאָציאַליסטישען פּלאַן, וועגען אַ פּלאַנירטער סאָציאַליסטיש־אָרגאַניזירטער ווירטשאַפט. די ווירטשאַפטלאַכע סיסטעם, וואָס איז געווען באַזירט אויף דעם פּרינציפּ פון שקלאַפעריי, האָט אויך געוואוסט פון פּלאַן און האָט אָנגעווענדעט דעם דאָזיגען מעטאָד צו אָרגאַניזירען די אַרבייט און צו פאַרטיילען די פּראָדוקטען.

קיינעם וועט אָבער ניט איינפאַלען צו באַטיטלען די דאָזיגע סיסטעם מיט דעם נאָמען סאָציאַליזם.

יעדע גוט אָרגאַניזירטע אונטערנעמונג אין אַ קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט אַרבייט לויט אַ פּינקטלאַכען פּלאַן, וואו יעדע דעטאַל איז פריער גענוי פאָראויסגעזען.

די עקזיסטענץ פון אַ פּלאַן אין יעדער איינצעלנער קאַפּיטאַליסטישער אונטערנעמונג פאַרוואַנדעלט אָבער ניט די גאַנצע סיסטעם אין אַ פּלאַנירטער סאָציאַליסטיש־אָרגאַניזירטער ווירטשאַפט.

גראַד פאַרקערט. דער דאָזיגער פאַקט — די עקזיסטענץ פון אַ פּלאַן אין יעדער איינצעלנער אונטערנעמונג און דאָס פעלען פון אַ פּלאַן אין דער ווירטשאַפט אין גאַנצען — איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט, ווי איינער פון אירע גרונד ווידערשפּרוכען.

דער דאָזיגער ווידערשפּרוך פאַרשאַרפט דעם אַלגעמיינעם כאַאָס און אַנאַרכיע אין דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט.

***

איינע פון די גרונד פּרינציפּען פון אַ פּלאַנירטער סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט באַשטייט אין דעם, אַז דער דאָזיגער פּלאַן מוז זיין אַן אוניווערסאַלער. דער פּלאַן מוז ארומכאַפּען די גאַנצע ווירטשאַפט פון אויבען ביז אונטען. אַלע אינדוסטריען פון דער ווירטשאַפט, אַלע איינצעלנע צווייגען פון יעטווידער אינדוסטריע מוזען זיין דורכגעדרונגען מיט דעם דאָזיגען פּלאַן.

דאָס איז איינער פון די וויכטיגסטע און עלעמענטאַרסטע פּרינציפּען פון אמת׳ער פּלאַנירונג.

און דאָס אַליין וואָלט שוין געווען גענוג, אום צו פאַרשטיין, ווי ווייניג באַגרינדעט עס זיינען אַלע באַהויפּטונגען וועגען דער מעגלאַכקייט פון אמת׳ער פּלאַנירונג אין די ראַמען פון קאַפּיטאַליזם.

דאָס אַליין וואָלט שוין אויך געווען גענוג, אום צו פאַרשטיין, פאַרוואָס די אַזוי גערופענע קאַפּיטאַליסטישע „פּלאַנירונג״ קאָן קיין שום ממשות׳דיגע רעזולטאַטען ניט געבען.

די קאַפּיטאַליסטישע פּלאַנירונג איז גראַד כאַראַקטעריסטיש מיט דעם, וואָס זי רירט געווייגלאַך אָן נאָר געוויסע טיילען פון דעם גאַנצען ווירטשאַפטלאַכען אָרגאַניזם. אַזוי, למשל, דעם געלט סיסטעם, עקספּאָרט און אימפּאָרט, פּרייזען, געהאַלט א. א. וו. א. וו.

דאָס איבעריגע בלייבט געווינלאַך אומבאַרירט.

דערפון נעמט זיך דאָס, וואָס די רעזולטאַטען זיינען אָפט אַזוינע קלעגלאַכע. אין מאַנכע פאַלען, אַנשטאָט נוצען — שאַדט גראַד די דאָזיגע „פּלאַנירונג״ דער אַלגעמיינער אַנטוויקלונג פון דער ווירטשאַפט. און אויב זי ברענגט געוויסע פּאָזיטיווע רעזולטאַטען, זיינען די דאָזיגע רעזולטאַטען אָפטמאָל נאָר צייטווייליגע.

אָבער דער עיקר — די דאָזיגע „פּלאַנירונג״ לאָזט איבער אינגאַנצען אומבאַרירט דעם גרונד פּרינציפּ, אויף וועלכען די קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפטלאַכע סיסטעם איז באַזירט.

***

פאַר וואָס איז די קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט אַ פּלאַנלאָזע ? פאַרשטייען ניט די קאַפּיטאַליסטען די וויכטיגקייט און נוצלאַכקייט פון אַ פּלאַן ?

ווייסען ניט די פירער פון דער קאַפּיטאַליסטישער

# רעכט אויף אַרבעט אין דער פאַשיסטישער רומעניע

פון דר. יוסף קיסמאַן.

צו די פונדאַמענטאַלסטע רעכט פון יעדער מענשליכער באַשעפעניש באַלאַנגט דאָס רעכט, צו פאַרדינען זיך זיין ערליך ברויט דורך ערליכער אַרבייט. דער פאַשיזם איז — די טאָטאַלע פאַרניכטונג פון די פונדאַמענטאַלסטע מענשליכע רעכט, איז דאָס ר ע כ ט א ו י ף א ר ב י י ט צווישען די ערשטע קרבנות, וואָס פאַלען אונטער דער פויסט פונ'ם זיגרייכען פאַשיזם.

מיר האָבען באַקומען אויפ'ן אייראָפּייאישען קאָנטינענט נאָך איין „טאָטאַלען" פאַשיסטישען שטאַט — ר ו מ ע נ י ע ! ווען דער טעלעגראַף האָט צו וויסען געטאָן דער וועלט, אַז דער קעניג קאַראָל האָט מיט איין שטרייך פון דער פעדער אָפּגעמעקט די רומענישע קאָנסטיטוציע מיט'ן פאָלקס פאַרלאַמענט, מיט אַלע הייליגע רעכט און פריהייטען, וואָס זיינען גאַראַנטירט פאַר אַלע בירגער, איז דאָס פאַר קיינעם נישט געווען קיין איבעריג סענסאַציאָנאַלע נייעס. שוין וואָכען און וואָכען זעהען אפילו פרעמדע, אַז עס גייט אין רומעניע אויפ'ן וועג צו קעניגליכער דיקטאַטור. פאַר אייגענע אָבער, וואָס זיינען געוואוינט מיט'ן פּאָליטישען לעבען אין רומעניע, איז די דיקטאַטור גופא קיין שום נייעס נישט. שוין העכער 4 יאָר צייט ווי רומעניע לעבט פאַקטיש אין צושטאַנד פון דיקטאַטור, הגם לפנים האָט ביז'ן חודש דעצעמבער פון לעצטען יאָר נאָך עקזיסטירט אַ פאַרלאַמענט מיט'ן גאַנצען דעמאָקראַטישען קלאַפּער געצייג.

פון דעם ערשטען מאָמענט אָן, ווען רומעניע האָט זיך אָנגעהויבען קייקלען דעם פאַטאַלען באַרג־אַראָפּ צום פאַשיסטישען „ענדע־ציל", דאָס הייסט, מיט אַן ערך פיר יאָר צוריק, האָט זיך תיכף אָנגעהויבען דער אָנגריף פון דער רעגירונגס־מאַכט אויף די אידישע אַרבייטער. נישט די פּאָליצייאישע רדיפות אויף דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג האָבען מיר דאָ אין זינען. פאַרפאָלגונגען געגען אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס גייען אָן אין רומעניע, פון זינט זי עקזיסטירט אַלס אַ מלוכה, און אויב די פּאָליטישע, פּראָפעסיאָנעלע און קולטורעלע אָרגאַניזאַציעס פון אידישע אַרבייטער ווערען שטאַרקער פאַרפאָלגט ווי די אָרגאַניזאַציעס פון אַנדערע נאַציעס, ווילען מיר דאָס נישט באַזונדערס אונטערשטרייכען אין איצטיגען מאָמענט. דאָ מיינען מיר פשוט דעם אָנגריף פון דער רעגירונג אויף די אַרבייטס־פּלעצער פון אידישע אַרבייטער און אָנגעשטעלטע.

אין אַלע לענדער, וואו עס הערשט פאַשיזם, זיינען אידען זיינע ערשטע קרבנות — אידען דערפאַר, ווייל זיי זיינען די שוואַכסטע שיכט פון דער באַפעלקערונג און די אונטערדריקונג פון אידען איז דער גרינגסטער וועג, צו מאַכען „פּאָפּולער" די געוואַלט הערשאַפט געגען פאָלק. די שוואַכסטע צווישען די שוואַכע זיינען אָבער די אידישע א ר ב י י ט ע ר, טאָ לאָזט דער פאַשיזם אויף זיי אַראָפּ די גאַנצע שווערקייט פון זיין געפּאַנצערטער פויסט. רומעניע מאַכט אין אָט דעם פּרט קיין אויסנאַם נישט.

אידען ווערען באַקעמפט און פאַרפאָלגט אַלס "פּאַראַזיטען", אַלס אַ מאַסע, וואָס טוט אַליין נישט קיין פּראָדוקטיווע אַרבייט און לעבט כלומר'שט נאָר פון דער אַרבייט פון דער קריסטליכער באַפעלקערונג. אָבער קוים האָבען די רומענישע אַנטיסעמיטען זיך פאַרנומען אויפ'ן וועג פון פאַשיזם, איז זייער ערשטער אויפטו געווען — ד אָ ס ס י ס ט ע מ אַ ט י ש ע א ר ו י ס ש ט ו פ ע ן א י ד י ש ע א ר ב י י ט ע ר פון זייערע אַרבייטס פּאָזיציעס.

אַ שטיק צייט זיינען אידישע אַרבייטער און אָנגעשטעלטע מאַסענהאַפט באַזייטיגט געוואָרען פון דער אַרבייט, אָן אַ שום אויסערליכער סיבה, אָן אַ שום געזעצליכען גרונד און אָן — דעם ווילען פון זייערע בעלי־בתים. אין רומעניע איז אין פּרט פון אידישער אַרבייט די לאַגע אַן אַנדערע ווי אין אַנדערע לענדער, אַן אַנדערע אויך ווי אין פּוילען למשל. די לייכטע אינדוסטריע אין רומעניע (ספּעציעל: טעקסטיל אינדוסטריע) איז אין איר גרעסטען פאַרנעם גאָר אַ נייע, אַן אויפגעבויטע נאָך דער מלחמה. זי איז נישט געגאַנגען פון האַנד־אַרבייט צו „קוימענעס", צו מאַטאָרישער קראַפט, הייסט עס, נאָר זי האָט פון ערשטען אָנהויב אָן געאַרבייט מיט מאָדערנע מאַשינען. האָט זי גענומען אירע אַרבייטס־הענט דאָרט, וואו זי האָט זיי געפונען, אָן שום דיסקרימינאַציעס געגען קיינעם. אידען זיינען מאַסענהאַפט אַריין אין דער אינדוסטריע און אפילו שפּעטער, ווען עס האָבען אָנגעהויבען בלאָזען שאַרפע אַנטיסעמיטישע ווינטען איבער רומעניע, האָבען די בעלי־בתים נישט געוואָלט — און ווילען נישט ביז צום היינטיגען טאָג — מאַכען קיין דיסקרימינאַציעס געגען אידען. אין דעם אינדוסטריע־אָרעמען לאַנד גלוסט זיך ניט, אויסבייטען דעם געשולטען פּערסאָנאַל פון אַרבייטער און אָנגעשטעלטע אויף אַ נישט געשולטען — צוליב אַ „נאַציאָנאַליסטישען" פּרינציפּ, וועלכער ברייגט נישט קיין שום מאַטעריעלען נוצען דער קאַפּיטאַליסטישער אונטערנעמונג. נאָר אַז מלכות האָט געהייסען, האָט מען, זייער נישט געהרן־ווילליג, אָנגעהויבען סיסטעמאַטיש באַזייטיגען אידישע אַרבייטער און אָנגעשטעלטע פון דער אַרבייט.

די חיה'שע אַפּעטיטען פון די רומענישע אַנטיסעמיטען זיינען אָבער ווייט נישט באַפרידיגט געווען פון אָט דעם פּ אַ ק ט י ש ע ן אַרויסשטויסונגס־פּראָצעס פון אידישער אַרבייט. זיי האָבען געפאָדערט אַ ג ע ז ע ץ, וואָס זאָל פאַר אידען פאַרמאַכען די טויערען פון פאַבריק, האָט די רעגירונג זיי געהרן באַשאָנקען מיט אַזאַ געזעץ.

גערופען האָט זיך דאָס אַרבייטס־געזעץ מיט'ן שיינעם נאָמען „אַ געזעץ צו באַשיצען די נאַציאָנאַלע אַרבייט" און אַרויסגעקומען איז עס מיט דריי יאָר צוריק. אין געזעץ ווערט פאַרגעשריבען, אַז אין יעדער אינדוסטריעלער און האַנדעלס־אונטערנעמונג טאָר נישט באַטרעפען די צאָל „פ ר ע מ ד ע" אַרבייטער און אָנגעשטעלטע מערער ווי 20 פּראָצענט, די איבעריגע 80 פּראָצענט אַרבייטער און אָנגעשטעלטע מוזען זיין ר ו מ ע נ ע ר. אויב אינגאַנצען 20 פּראָצענט „פרעמדע", פאַרשטייט מען שוין במילא, אַז פאַר אידען איז דאָ קיין אָרט נישט פאַראַן, ווייל עס זיינען פאַראַן אין רומעניע גענוג אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען (מאַדיאַרען, דייטשען און אַנדערע), וואָס זאָלען שטעלען אָט די קליינע מאַסע פון נישט־רומענישע אַרבייטער און אָנגעשטעלטע. בשעת דער געזעץ־פּראָיעקט איז פאַרהאַנדעלט געוואָרען אין פאַרלאַמענט, האָבען זיך אויפגעהויבען פּראָטעסטען פון אַלע זייטען, האָט די רעגירונג באַרוהיגט דעם עולם, אַז מיט'ן וואָרט „רומענער" אין געזעץ מיינט מען עס „רומענישע בירגער" פון וועלכער ס'איז נאַציע, אונטערן וואָרט „פ ר ע מ ד ע" אָבער ווערט פאַרשטאַנען א ו י ס ל ע נ ד ע ר, וואָס לעבען אין רומעניע אויף פּעסער פון פרעמדע מלוכות. מען וויל נישט מער ווי באַשיצען די היימישע אַרבייט פאַר דער קאָנקורענץ פון איינגעוואַנדערטע אויסלענדישע אַרבייטער, גענוג ווען מען לאָזט איבער פאַר די לעצטע 20 פּראָצענט פון דער אַרבייט אין רומעניע, די איבעריגע 80 פּראָצענט זיינען באַשטימט פאַר רומענישע בירגער, אָן אַ שום אונטערשיד פון נאַציע, ראַסע און רעליגיע.

אַזוי האָט מען גערעדט, אידער נאָך דער געזעץ איז באַשלאָסען געוואָרען. קוים איז אָבער אַרויס די גזרה פונ'ם פאַרלאַמענט, האָט מען אויסגעטייטשט אַזוי, ווי מען האָט לכתחילה געמיינט: אויף אַ ווילדען נאַציאָנאַליסטישען און אַנטיסעמיטישען שטייגער „רומענער" — האָט מען געזאָגט — מיינט „רומענישע ראַסע", וועלכע דאַרף פאַרנעמען 80 פּראָצענט אין דער רומענישער פּראָדוקציע, בשעת 20 פּראָצענט אַרבייט בלייבט רעזערווירט פאַר אַלע אַנדערע, פאַר די „פרעמדע" ראַסען. און אויב מען קען נאָך אַ ביסעל פאַרקוקען ביי „אַריער" פון אַנדערע נאַציעס, פאָדערט מען די שטרענגסטע אָנווענדונג פון געזעץ געגען א י ד ע ן ! מיט שווערע אַדמיניסטראַטיווע שטראָפען פון הונדערט טויזענטער לעי האָט די רעגירונג גענומען צ ו ו י נ ג ע ן די באַזיצער פון אינדוסטריעלע און האַנדעלס־אונטערנעמונגען, אַז זיי זאָלען אַרויסוואַרפען פון די אַרבייטס פּלעצער אידישע אַרבייטער און אָנגעשטעלטע, וואָס זיינען באַשעפטיגט געווען ביי זיי יאָרען און יאָרען...

דער דאָזיגער אמת'ער קרייץ־צוג פון דער רעגירונג געגען די אידישע אַרבייטער און אָנגעשטעלטע, וואָס האָבען נישט פון וואָס אַ טאָג איבערצולעבען, ווי באַלד זיי פאַרלירען זייער אַרבייטס־פּלאַץ, איז באַגריסט געוואָרען פון דעם אַנטיסעמיטישען מאָב אַלס אַ טאָט פון „נאַציאָנאַלער באַפרייאונג", אָבער אפילו די אַזוי גערופענע „דעמאָקראַטישע פּאַרטייען" האָבען נישט געוואגט קיין פּראָטעסט, כדי מען זאָל זיי חלילה נישט חושד זיין, אַז זיי נעמען זיך אָן פאַר אידישע רעכט, פאַרקערט — די אַנדערע פּאַרטייען האָבען זיך באַמיט צו דערווייזען, אַז זיי וואָלטען נאָך מער אויפגעטאָן אויפ'ן „נאַציאָנאַלען" געביט פון פאַרניכטען אידישע אַרבייטס־פּרנסות, ווען מען וואָלט זיי נאָר צוגעלאָזט צו דער מאַכט. שוין איינמאָל אַ דעמאָקראַטיע פאַראַן ביי די רומענישע „דעמאָקראַטען". זאָל דאָ איבערגעגעבען ווערען נאָר איין כאַראַקטעריסטישער ביישפּיל:

נישט לאַנג צוריק האָט דער פּרעזידענט פון דער דעמאָקראַטישער פּויערים־פּאַרטיי („נאַציאָנאַל־צאַראַניסטען"), דער געוועזענער אינערן־מיניסטער מיכאַלאַקע, אין אַן עפענטליכער רעדע מוסר געזאָגט די אַנטיסעמיטישע קאָליגאַניעס פון קוזאַס חברה, בזה הלשון: „מיט עטליכע יאָר צוריק האָבען קוזיסטען געמאַכט אַ פּאָגראָם אין שטעטעל באָרשאַ, מאַרמאַראָשער געגענט, און אונטערגעצונדען אַלע אידישע הייזער. וואָס איז אַרויסגעקומען דערפון? די באָרשעווער אידן האָבען געמאַכט אַ געוואַלט אין אַמעריקע, האָבען אַמעריקאַנער אידען זיי געשיקט געלט און אויפ'ן אָרט פון הילצערנע אידישע הייזלעך שטייען היינט שטיינערנע אידישע מויערן אין באָרשאַ. ווען מיר נאַציאָנאַל־צאַראַניסטען זיינען אָבער געווען ביי דער מאַכט, האָבען מיר נישט דערלאָזט צו קיין פּאָגראָמען. זעט אָבער די ווירקונג פון אונזער צוויי־יאָריגער רעגירונגס־אַרבייט: די האָלץ־אינדוסטריע אין מאַרמאַראָשער געגענט האָט זיך פריער געפונען אין אידישע הענט — היינט זיינען די אידען אינגאַנצען אַרויס פון דער האָלץ־אינדוסטריע! אָט דאָס הייסט אמת'ע „נאַציאָנאַלע" אַרבייט!"

זיי האָבען אַוועקגענומען דאָס אָרעמע שטיקעל ברויט ביי אידישע שווער־אַרבייטער — איז דאָס נישט אַ נאַציאָנאַלע העלדענטאַט?!

אויב בירגערליכע פּאַרטייען רעדען אַזוי אָפען און ציניש וועגען זייערע מעשים טובים געגען אידישע אַרבייטער — וואָס זאָגען די ק ר י ס ט ל י כ ע א ר ב י י ט ע ר, וועלכע מען וויל דאָך כלומר'שט באַ־

---

אַרבעטער. די אינדוסטריעלער האָבען אפילו אַרויסגעשיקט אָגענטען קיין אייראָפּע אַריבערצוברענגען אַרבעטער אין די פאַראייניגטע שטאַטען. און עס האָט זיך טאַקע, אין יענער צייט, אָנגעהויבען אַ ריזיגער אימיגראַציאָנס שטראָם קיין אַמעריקע.

אָט אַזוי דערציילען די ציפערן, אַז אין פאַרלויף פון 1861 ביז 1891, דאָס הייסט, אין לויף פון דרייסיג יאָר, זיינען אָנגעקומען אין די פאַראייניגטע שטאַטען העכער פון פערצען מיליאָן אימיגראַנטען.

די אַרבעטער האָבען זיך גענומען שטאַרקער אָרגאַניזירען און דעם 20טען אויגוסט, 1866, איז אין באַלטימאָר, מערילאַנד, פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון נאַציאָנאַלע און לאָקאַלע יוניאָנס, וואו עס זיינען געווען פאָרטראָטען 77 דעלעגאַטען פון 50 יוניאָנס און עס איז דעמאָלט אויפ'ן צוזאַמענפאָר געגרינדעט געוואָרען די „נעשאַנעל לייבאָר יוניאָן".

דערביי איז כאַראַקטעריסטיש צו דערמאָנען, אַז אין דעם זעלביגען יאָר, אין סעפּטעמבער 1866, איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין זשענעווע, שווייצאַריע, דער ערשטער קאָנגרעס פון דעם ערשטען אַרבעטער אינטערנאַציאָנאַל.

אין 1869, מיט דריי יאָר שפּעטער, איז געגרינדעט געוואָרען די ערשטע נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפט פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער אין אַמעריקע, די „נייטס אָוו לייבאָר" (די ריטער פון אַרבעט), וואָס האָט געציילט נאָענט פון צוויי הונדערט טויזענט אָרגאַניזירטע אַרבייטער אין יוניאָנס. און מיט פינף יאָר שפּעטער, אין 1874, איז געגרינדעט געוואָרען אין אַמעריקע די ערשטע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אונטער'ן נאָמען: „די סאָשעל דעמאָקראַטיק וואָירקינגמענס פּאַרטי".

# די היסטאָרישע קאַמפּען פון דעם אַמעריקאַנישען אַרבייטער קלאַס

## פון א. יאָזעפסאָן

### קאַמף פאַר אַ 10־שעה׳יגען אַרבעטס־טאָג

אין די יאָרען פון 1825 ביז 1875 זיינען פאָרגעקומען וויכטיגע געשעהענישען און היסטאָרישע פאַסירונגען סיי אין אייראָפּע, סיי אין אַמעריקע. דאָס זיינען געווען יאָרען פון מאַסען רעוואָלטען, אויפברויזען, רעוואָלוציעס איןביידע קאָנטינענטען.

און ווי מיר זאָלען זיך נישט באַציען צו די וויכטיגע געשעהענישען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין לויף פון יענע יאָרען, און נישט קוקענדיג דערויף וואָס אַמעריקע איז אין יענער צייט געווען אַ ווייט און פרעמד לאַנד פאַר די אייראָפּייער, דאָך מוז יעדער אָביעקטיווער באַאָבאַכטער קומען צום באַשלוס, אַז די פאַסירונגען אין אייראָפּע, אין יענער צייט, האָבען, אין אַ געוויסען זין, געפונען אַן אָפּקלאַנג און באַווירקט די געשעהענישען אין אַמעריקע און דאָסזעלביגע פאַרקערט.

אין יאָר 1834 איז אָפּגעשאַפט געוואָרען די שקלאַפעריי אין די ענגלישע קאָלאָניעס און אין 1835 האָט זיך אין די פאַראייניגטע שטאַטען צופלאַקערט דער קאַמף פאַר אַ צען שעה׳דיגען אַרבעטס־טאָג אין פילע שטאַטען פון אַמעריקע. אַט אַזוי זעהען מיר, אַז אין 1835 זיינען פאָרגעקומען סטרייקען פאַר אַ צען שעה׳דיגען אַרבעטס־טאָג אין באָסטאָן פון מעכאַניקער; אין באַלטימאָר פון די מוליאַרעס און סטאָליאַרעס; אין אַלבאַני פון די אָפּאָלסטערערס; אין האַרטפאָרד, קאָנעטיקוט, פון די מאַשיניסטען, און אין פילאַדעלפיע פון כמעט אַלע אַרבעטער פון שטאָט.

פראָפעסאָר קאָמאָנס אין זיינע ביכער וועגען דער „געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער באַוועגונג" שרייבט וועגען יענעם יאָר:

„אין יאָר 1835 זיינען די מערסטע אַרבעטער אין פילאַדעלפיע, ווי סטאָליאַרעס, מוליאַרעס, פלאַסטערער און אַנדערע אַרבעטער דערקלערט, אַז זיי וועלען אַרבעטען נישט מער ווי צען שעה אַ טאָג. צו קעמפען פאַר דעם צען שעה׳דיגען אַרבעטס־טאָג זיינען באַלד צוגעשטאַנען די שמידען, פלאַמבערס, לעדער אַרבעטער, שטריק אַרבעטער, ציגאַר מאַכער, זאַטל־מאַכער, דרוקער און די בעקער אַרבעטער (זעה קאָמאָנס: „היסטאָרי אָוו לייבאָר", ערשטער באַנד, זייט 370).

די פאַבריקאַנטען און מאַנופעקטשורערס האָבען געקעמפט מיט ציין און נעגעל געגען דער פאָדערונג פון אַ צען שעה׳דיגען אַרבעטס־טאָג, אָבער די אַרבעטער אין פילאַדעלפיע און אין אַנדערע שטעט האָבען דעם צען שעה׳דיגען אַרבעטס־טאָג געוואונען. די אַרבעטער האָבען זיך גענומען אָרגאַניזירען אויף אַ נאַציאָנאַלען מאַסשטאַב און עס האָט זיך געדוכט, אַז די אַרבעטער־באַוועגונג גייט באַרג ארויף, אָבער אין 1837 האָט אויסגעבראָכען אַן אינדוסטריעלער קריזיס, וואָס האָט אַלעמען ארומגעכאַפּט אין אַ פּאַניק און די אָרגאַניזירטע אַרבעטער באַוועגונג איז פאַקטיש צושמעטערט געוואָרען. אַ סך אַרבעטער האָבען געזוכט צו פאַרבעסערן זיך די לאַגע דורך גרינדען אוטאָפּיסטישע קאָלאָניעס.

אין די יאָרען 1848—1849 זיינען אין אייראָפּע פאָרגעקומען גרויסע אויפשטרייסלונגען. עס זיינען פאָרגעקומען רעוואָלוציעס אין דייטשלאַנד, עסטרייך, וואו די אַרבעטער און די ברייטע פאָלקס־מאַסען האָבען געקעמפט פאַר פּאָליטישע פרייהייט און ברויט. אין 1847 האָט מאַרקס און ענגעלס פאַרעפענטליכט דעם „קאָמוניסטישען מאַניפעסט", וואָס האָט אויפגערודערט די אַרבעטער מאַסען פון דער גאַנצער וועלט, און אין 1849 האָט אויסגעבראָכען רעוואָלוציעס אין אונגאַרן און אין אַנדערע לענדער פון אייראָפּע. אין 1850 האָבען די אַרבעטער פון די פאַראייניגטע שטאַטען ווידער זיך גענומען אָרגאַניזירען. עס האָבען זיך אין יענעם יאָר אָרגאַניזירט אין נאַציאָנאַלע יוניאָנס: די בוי אַרבעטער, די ציגאַר מאַכער, די מאַשיניסטען, אייזענגיסער, שיך אַרבעטער, הוט מאַכער און אַנדערע פאַכען. און אין יוני 1850 איז פאָרגעקומען אַ קאָנגרעס פון די אַרבעטער יוניאָנס, וואו עס זיינען געווען פאַרטרעטען 110 דעלעגאַטען. און דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון דער היגער יוניאָן־באַוועגונג, איז איינגעשטעלט געוואָרען אין יענער צייט די מעטאָדע פון „קאָלעקטיוו באַרגיינינג".

די אַרבייטער באַוועגונג האָט זיך אין יענע יאָרען, אַזוי צוואַקסען, אַז דער שטאַט ניו העמפּשיר האָט אַדורכגעפירט — אונטער׳ן דרוק פון די אַרבעטער — אַ געזעץ, אַז דער אַרבעטס־טאָג זאָל נִיט זיין מער ווי צען שעה אַ טאָג.

### דער אַרבעטער בודזשעט אין יאָר 1853

פראָפעסאָר קאָמאָנס גיט איבער וויפיל אַן אַרבעטער האָט אין יאָר 1853 געדאַרפט פאַרדינען כדי צו מאַכען אַ לעבען. און אַט וואָס ער דערציילט:

| הוצאות | אַ יאָר |
|---|---|
| רענט | $100 |
| שפּייז פּראָדוקטען | 273 |
| קליידונג | 132 |
| מעבעל | 20 |
| באַהייצונג | 18 |
| באַלייכטונג | 10 |
| טעקסעס | 5 |
| דאָקטוירים און מעדיצין | 10 |
| פאָרן צו דער אַרבעט און צוריק | 12 |
| צייטונגען און קליינִיגקייטען | 10 |
| דיוס צו אַ פאַראיין אָדער קירכע | 10 |
| סך הכל | $600 |

אין אַנדערע ווערטער, אַן אַרבעטער האָט אין יענער צייט געדאַרפט פאַרדינען נישט ווענִיגער ווי צוועלף דאָלאַר אַ וואָך כדי צו מאַכען אַ לעבען.

אין יאָר 1854 ביז 1855 זיינען פאָרגעקומען פיר הונדערט סטרייקס אין די פאַראייניגטע שטאַטען, וואו די פאָדערונגען זיינען געווען אַ מינימאַלער לוין פון 12—14 דאָלאַר אַ וואָך. דער גרעסטער טייל פון די סטרייקס זיינען געוואונען געוואָרען לטובת די אַרבעטער.

### דער בירגער קריג אין 1861 און די אַרבעטער

אין יאָר 1852 איז דערשינען ביטשער סטאָו׳ס בוך: „אַנקעל טאָם׳ס קעבין", וואָס איז געווען אַ שטאַרקע אַנקלאַגע געגען דער נעגער־שקלאַפעריי און האָט אויפגערודערט אַלע פרייהייטס־ליבענדע מענשען. און אין 1854 האָט דזשאָן בראַון — איינער פון די ערשטע בונטאַרען אויף דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט — מיט אַ היבשער צאָל אַנהענגער זיינע פאַרכאַפּט אַן אַרסענאַל געווער פון דער רעגירונג און געפירט אַ קאַמף נישט נאָר געגען דער נעגער־שקלאַפעריי, נאָר אויך פאַר דער אָפּשאַפונג פון אָרימקייט און נויט. דזשאָן בראַון האָט געפירט דעם קאַמף אויף אַ פרימיטיווען שטייגער און זיין „אויפשטאַנד" איז אונטערדריקט געוואָרען און אים אַליין האָט מען טאַקע געהאַנגען אין יאָר 1854, אָבער דעם קאַמף, וואָס ער האָט אָנגעהויבען געגען נעגער־שקלאַפעריי, האָט געלאָזט טיפע קערנער צווישען די ברייטע מאַסען.

אָבער זאָל קיינעם נישט איינפאַלען אין געדאַנק, אַז דער קאַמף געגען דער נעגער שקלאַפעריי האָט געטראָגען בלויז אַן אידעאַלען כאַראַקטער. ניין, עס זיינען געווען טיפע עקאָנאָמישע סיבות, וואָס האָבען געפירט צום בירגער קריג און עס לוינט זיך אין קורצען דאָ אָפּצושטעלען אויף דעם.

עס זיינען געווען פילע סיבות וואָס האָבען געפירט צום בירגער־קריג.

מיט דער אַנטוויקלונג פון די פאַבריקען און דאָס שטראָמען פון פרישע אימיגראַנטען קיין אַמעריקע האָבען זיך די שטעט ראַשיג פאַרגרעסערט. דאָס לאַנד האָט געפאָדערט אַן איינהייטליכע טראַנספּאָרט סיסטעם. אין די יאָרען פון 1854 ביז 1860 זיינען טאַקע אויסגעוואַקסען די טראַנספּאָרטאַציע פון פריוואַטע קאָמפּאַניס ווי: „עדעמס עקספּרעס", „וועלס פאַרגאָ" און „יונייטעד סטייטס עקספּרעס". די צפון שטאַטען, וואו דער ניי אויפגעקומענער קאַפּיטאַליזם האָט זיך צובליהט, האָט זיך געפאָדערט מער עקספּענשאָן (אויסברייטערונג). די דרום שטאַטען, ווידער, וואו עס האָבען געהערשט די שקלאַפען באַראָנען, האָט זיך געפאָדערט אַ פרייער אימפּאָרט פון ענגלישע סחורות און אַ פרייער עקספּאָרט קיין ענגלאַנד פון דעם רויען באַוועל, וואָס זיי האָבען פּראָדוצירט דורך דער ביליגער אַרבעט פון די שקלאַפען. די צפון שטאַטען האָבען געפאָדערט אַ גרויסען טאַריף (אָפּצאָל) אויף אויסלענדישע סחורות, כדי צו צווינגען די באַפעלקערונג פון די דרום־שטאַטען צו קויפען די סחורות פון די צפון־שטאַטען. די עקאָנאָמישע אינטערעסען פון די צפון־שטאַטען האָבען זיך דעריבער צוזאַמענגעשטויסען מיט די אינטערעסען פון די דרום־שטאַטען און עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ קאַמף פאַר פּאָליטישער מאַכט אין דער פעדעראַלער רעגירונג.

אין יאָר 1860, איין יאָר פאַר דעם בירגער קריג, האָבען נאָענט פון אַ מיליאָן מענשען פון די ניין (9) מיליאָן, וואָס האָבען געלעבט אין דער סאַוט, געמאַכט אַ לעבען פון שקלאַפעריי. פון דעם קנאַפען מיליאָן מענשען האָבען בלויז אַ צענדליג טויזענט שקלאַפען־האַלטער געפירט די גרענדע, סיי אויף דעם עקאָנאָמישען, סיי אויף דעם פּאָליטישען געביט אין די דרום־שטאַטען.

די פאָלגענדיגע ציפערען גיבען אַ בילד פון די דעמאָלדיגע שקלאַפען באַזיצער.

אין יאָר 1850 האָבען אין די דרום שטאַטען 681,820 מענשען געהאַט צו איין שקלאַף; 105,683 מענשען האָבען געהאַלטען פון 3 ביז 5 שקלאַפען; 80,763 האָבען געהאַט פון 5 ביז 10 שקלאַפען; 54,595 מענשען האָבען געהאַט פון 10 ביז 20 שקלאַפען; 20,733 שקלאַפען־האַלטער האָבען געהאַט פון 20 ביז 50 שקלאַפען; 6,196 שקלאַפען־באַראָנען האָבען געהאַט פון 50 ביז 100 שקלאַפען; 1479 האָבען געהאַט פון 100 ביז 200 שקלאַפען; 187 מענשען האָבען געהאַט פון 200 ביז 300 שקלאַפען; 56 האָבען געהאַט פון 300 ביז 500 שקלאַפען; 9 פערזאָנען האָבען געהאַט פון 500 ביז 1,000 שקלאַפען, און צוויי — מער פון טויזענט.

די שקלאַפען באַראָנען פון די דרום שטאַטען האָבען אַלעמאָל מורא געהאַט, אַז זייערע שקלאַפען וועלען רעוואָלטירען. זיי האָבען דעריבער געוואָלט אַ רעגירונג, וואָס זאָל ווערען קאָנטראָלירט פון זיי, כדי צו קענען אונטערדריקען יעדען אויפשטאַנד פון די שקלאַפען.

עס איז אָהן צווייפעל אויך געווען אַן אידעאַליסטישער עלעמענט אין דער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי, פּונקט ווי אין יעדער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וואָס האָט געפאָדערט, אַז די רעגירונג זאָל איבערגיין צו אַן אַנדער קלאַס.

אין פעברואַר, 1861, איז אין פילאַדעלפיע אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ צוזאַמענפאָר פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער. דאָרטען האָט וויליאַם ה. סילוויס, דער דעמאָלדיגער פּרעזידענט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אייזענגוס אַרבעטער יוניאָן, געשטיצט אַ פאָרשלאָג פון אַ קאָנגרעסמאַן פון קענטאַקי, אַז די צפון־שטאַטען זאָלען איינגעהן אויף אַ קאָמפּראָמיס מיט די דרום שטאַטען, כדי אויסצומיידען אַ בירגער קריג. אָבער ווי נאָר עס איז אָפּגעפייערט געוואָרען דער ערשטער שאָס פון די דרום׳דיגע רעבעלען האָבען זיך כמעט אַלע אָרגאַניזירטע אַרבעטער אָנגעשלאָסען אין דער פעדעראַלער אַרמיי אויפ׳ן רוף פון פּרעזידענט לינקאָלן.

אין 1864, איידער עס האָט זיך נאָך געענדיגט דער בירגער־קריג, האָבען די אַרבעטער זיך ווידער גענומען אָרגאַניזירען און האָבען שוין געהאַט 270 יוניאָנס.

אין 1865 ווען דער בירגער קריג האָט זיך געענדיגט און די אַמעריקאַנער בורזשואַזיע איז, אַזוי צו זאָגען, פטור געוואָרען פון דעם פעאָדאַליזם, איז די אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג געגאַנגען מיט גרויס אימפּעט באַרג ארויף. די פאַראייניגטע שטאַטען איז געוואָרען דער פירענדיגער פאַקטאָר פון דער שטאָל אינדוסטריע. עס האָבען זיך האַסטיג אַנטוויקעלט די אינדוסטריען פון שיך, קליידער, פלייש און אַנדערע אינדוסטריען.

אַט אַזוי זעהען מיר, אַז פון 1860 ביז 1870, אין גאַנצען צען יאָר, זיינען די צאָל אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אויסגעוואַקסען פון 140,938 ביז 252,648. די צאָל אַרבעטער זיינען געשטיגען פון אַ מיליאָן, דריי הונדערט און עלף טויזענט ביז צוויי מיליאָן און דריי און פופציג טויזענט. דער ווערט פון פּראָדוקציע איז אויסגעוואַקסען פון אַ ביליאָן אַכט הונדערט פינף און אַכציג טויזענט דאָלאַר ביז דריי ביליאָן דריי הונדערט זעקס און אַכציג טויזענט דאָלאַר.

גלייך נאָך דעם בירגער קריג האָט זיך אָנגעהויבען די קאָנצענטראַציע פון די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין ריזיגע גרויסע פאַבריקען. די מאָדערנע קאַפּיטאַליסטישע אינדוסטריע האָט געפאָדערט פרישע, נייע

ניט געזען האָבען אויסגעבויט אַ גלעזערנע וואַנט צווישען זיי. מענדל האָט געפיהלט אַז אַ פרעמדער מענש שטייט פאַר אים, אַ ברייט־פלייציגער, מיט אַ פולען פנים, מיט גרויע אויגען. דער זעקס־פוסיגער מענש איז אים פרעמד, ער האָט אים מיט יאָרען צוריק ערגעץ געטראָפען, פאַרביי געגאַנגען און מער גאָרניט.

מענדל איז געשטאַנען אַ צעטומעלטער אין פאַבריק. ער האָט געפיהלט ווי קאַלטע הענט דריקען זיין לייב. ער האָט געאַרבייט אין אַ שטיינערנעם חדר, די דיל קאַלט, די ווענט אומעטיג. אַ גאַנצען טאָג ביים וואַסער, די פינגער צועסען פון די כעמישע שטאָפען. דריי רוסישע פויערים האָבען מיט אים געאַרבייט. מענדל האָט געטראַכט אַז זיי האָבען פאַרלאָרען די זון פון די אויגען: שטונדען לאַנג פלעגען זייערע פינגער פיבעריש אַרבייטען, די ליפען פאַרשלאָסען, ביז אַ גרויער שרעק האָט געציטערט אויף מענדל'ס לייב.

איז געקומען מיטאָג צייט, די אַרבייט אַוועקגעוואָרפען. זיצט מען אין דרויסען, מען עסט, מען זעטיגט זיך מיט לופט און הימעל. מענדל קען ניט עסען. עס שטיקט אין האַרצען. ווען ער שעמט זיך ניט וואָלט ער געוואָרפען די אַרבייט און אַוועק איבער די גאַסען. ער דערמאָנט זיך אָן דער ווייב, אָן די קינדער, לאָזט ער אַרונטער אומעדיג דעם קאָפ, און וויל מעהר גאָר ניט טראַכטען.

איינער פון די פויערים, אַנטאָן, פרעגט מענדלען, פון וואַנען ער קומט? מענדל דערציילט אים, און דעם פויערים'ס אויגען צינדען זיך אָן מיט זון.

„כאָטין"? — ער ווייסט דעם דאָרף, ער אַליין איז געבוירען ניט ווייט פון דאָרטען. ער געדיינקט די מילען ביים ענדע פון דאָרף. די טייך וועלכע פליסט הינטער'ן וועלדעל. אַנטאָן שמייכעלט, רוקט זיך צו נעענטער צו מענדלען. עפעס אַ וואַרימקייט צוגיסט זיך אויף זיין פנים, און מענדעל שמייכעלט אומעטיג.

„ווי לאַנג ביזטו אין לאַנד, אַנטאָן?"

„שוין צעהן יאָר, ברודער! אַ שווערער לעבען, ניט געדאַרפט אַוועקוואַרפען מיין היים. — דו פאַרשטייסט, קיין ערד ניט געווען, אַרבייט פאַר יענעם פאַר'ן אָרימען ברויט. בין איך געפאָרען, געמיינט, אַז דאָ איז בעסער, האָב עסען גענוג, עס פעלט אָבער ערד אונטער די פיס. עס פעלט די זון איבער'ן קאָפ. ניט געדאַרפט אַוועק. געווען בעסער פגר'ן פאַר הונגער. דאָ איז איינג, ברודער!"

האָבען זיך געצויגען שווערע טעג. די פאַבריק איז געוואַקסען. ספיוואַק האָט זייער ווייניג גערעדט צו אים, די אַרבייטער האָבען אים פיינט געהאַט. אַז ער פלעגט זיך באַווייזען אין פאַבריק, האָט זיך אָן אייזיגער ווינט אַ טראָג געטאָן. און די אַרבייטער האָבען טיפער אַרונטערגעבויגען די קעפ, פיבערדיגער געאַרבייט.

און ספיוואַק אַליין האָט ניט געקענט רוען: פעק געטראָגען, אַ וועגל מיט קאַטען געשטופט, געווישט זיך דעם שווייס פון שטערען און פאַרשוואונדען צוריק אין זיין אָפיס. די אַרבייטער פלעגען פרייער אָפאָטעמען, און מענדל האָט געפילט אַז אַ מורא'דיגער האַס שפריצט זיך אין זיין בלוט, האַס פאַר זיין אַמאָליגען חבר.

אין איינעם פון די צימערען איז געווען אַן אויסגעמויערטער גרוב אָנגעפילט מיט כעמישע שטאָפען. איבען, אויף אייזערנע שטאַנגען, איז געהאַנגען אַ מאַשין, מיט אויסגעשטרעקטע אייזערנע אָרימס, ארום די אָרימס ארומגעוויקעלט מאַטעקעס רויע פעדים, און די מאַשין לאָזט זיך אַרונטער אין גרוב, קומט אין עטלאַכע מינוטען צוריק, און עס בליצען די פעדים מיט אַ יידען גלאַנץ. די מאַשין, ווי אַ גאַסע חיה, בלייבט הענגען אין דער לופטען און לאַכט מיט איהר שטאָלענעם גלאַנץ. די אַרבייטער מיט גומענע קליידער, וועלכע פאַרדעקען דאָס גאַנצע לייב, אַרבייטען ארום דער מאַשין מיט טויט־שרעק אין האַרצען. די כעמישע שטאָף איז ברענענדיגער פייער! אויב עס באַרירט דאָס לייב, בלייבט אַ שטיק צוגעסענע פליש, די אַרבייטער דאַנקען גאָט אַז דער טאָג איז פאַראיבער, אַז זיי קענען נאָך אַמאָל גיין אהיים און זעהן דעם הימעל איבער'ן קאָפ, דאַנקען גאָט וואָס זייערע ליפען קענען שעלטען זייער ביטערען לעבען!

אַז די אַרבייטער פלעגען דורכגעהן דעם חדר, האָבען זייערע בליקען זיך געצויגען צו דער גרוב. די אַלטע אַרבייטער ווייסען אַז דער טויט שרייט פון דאָרט אַרויס: „וואָרום פאַרשטעלט מען ניט דאָס גרוב, ווען די טאָג־אַרבייטער געהען אַוועק? וואָרום איז ניטאָ גענוג ליכט פאַר די נאַכט־אַרבייטער?" — עס האָט ניט געהאָלפען דער פרעגען. אַלעס איז געבליבען ווי געווען. דער נאַכט־היטער איז געווען אַ מאַן אין די פופציגער. מענדל פיהלט איצט זיינע גרויען אויגען אויף זיך. שטענדיג איז ער געווען אומעדיג, עפעס איז געווען באַהאַלטען אין זיינע שטייפע ליפען, וואָס איז געווען פאַרבאָרגען פון דער וועלט. די נאַכט־אַרבייטער האָבען דערציילט, אַז ער פלעגט אין זיך גיסען די שטאַרקסטע אַלקאָהאָל. קיינמאָל זיך ניט פאַרקרימט. קיינמאָל ניט געשמייכעלט. זיי האָבען זיך געוואונדערט ווי אַ איד קען אַזוי פיל טרינקען. איין מאָל איז ער פאַרשוואונדען. עס איז געווען אַ פראָסטיגע ווינטער־נאַכט. אין דרויסען האָט אַ ווינט געשריען. דער טייך איז געווען מיט שניי פאַרדעקט. די מאַשינען האָבען זיך צעזוגען מיט זייער שטאָלענעם קלאַנג, און דער היטער איז ניט געווען.

אויף מאָרגען האָט מען דעם קערפער פון גרוב אַרויסגעשלעפט. דער מענש איז מעהר ניט געווען, נאָר שטיקער שוואַרץ, פאַרברענט פלייש. טיפע לעכער, וואו די אויגען זיינען געווען, האָבען די לעכער שטום געקוקט אין דער הויך. האָבען די מאַשינען זיך פאַרגאַנגען אין שווייגען, האָבען די פרויען היסטעריש געוויינט און די מענער האָבען געשלונגען די טרערען. ספיוואַק איז געשטאַנען, געביסען די ליפען און געשוויגען. דערנאָך מיט אַ געבויגענעם קאָפ אַוועק... מענדל האָט געשאָלטען זיין פינסטער לעבען, געשאָלטען די אַרבייטער און זיך פאַר זייער אומבאַהאָלפענקייט.

אויף מאָרגען איז געווען ווי אַלע טאָג. אַלץ האָט זיך געדרייט. רעדער און רעדלאַך. אייזערנע וואַלען מיט שטאָלענע פינגער, מאַשינען שרייען אימפעדיג, דרייען זיך און קלאַפען אויס מיט דעם קלאַנג פון מעטאַל דעם פאַרגיין פון דעם מענשען. עס וויגען זיך מענשען, עס צאַפלען זיך פינגער, עס בויגען זיך רוקענס. אַלעס וויגט זיך: מענש און מאַשין — איינס, צוויי, דריי! לאַכט דער בלייכער טאָג, אומעדיג דורך די פאַרשטויבטע פענסטער אַריין.

אין אַ פאָר טעג אַרום האָט ספיוואַק אַריינגערופען מענדלען. אים געהייסען זיך זעצען. געפרעגט מענדלען אויף דער פאַמיליע. דערנאָך אים געזאָגט, אַז ער וויל אַז ער זאָל ווערען דער נאַכט־וועכטער אין פאַבריק. ער וועט קריגען אַ פאָר דאָלער מעהר אַ וואָך. דאָך אַ חבר פון דערהיים, האָבען זיי זיך דאָך געשפילט צוזאַמען ביי די ברעגען פון דעם טייך.

מענדל האָט געשוויגען, ער האָט געטראַכט וועגען די שטיקער פאַרברענטע פלייש, וואָס מען האָט אַרויסגענומען פון גרוב. איצט מאַכט מען אַן אייזערנעם צאַם אַרום גרוב... מיט אים וועט גאָרניט פאַסירען. גאָר אויב יע — זאָל דער שוואַרציאָר נעמען, וואָס האָט ער וואָס אַנצואָווערען?....

איז ער געוואָרען דער וועכטער פון פאַבריק. איז זיין לעבען נאָך גרוילאַכער געוואָרען. די נאַכט אַרבייט האָט זיך אָפגעשטעלט. די פאַבריק איז אָנגעפאַקט מיט פינסטערניש, די נאַכט קוקט אַריין דורך די פענסטער. דער טייך ליגט פאַרפראָרען, ציט זיך מיט ווייס־אָדערדיגע הענט, אַנטקעגען דער פאַבריק, אין שיין פון דער לבנה, ציטערן די קוימענס אין שטערן־ליכט. און מענדלען דריקט ביים האַרצען ביז'ן פאַרגיין.

און מענדעל האָט די יאָרען ניט געציילט. ער האָט געציילט די מענשען, וועלכע זיינען געקומען און אַוועק פון פאַבריק. שפעטער האָט ער דאָס אויך ניט געטאָן. ער איז מיד געוואָרען פון דעם. קיינער האָט לאַנג די פראַצע ניט געקענט אויסהאַלטען. זיינען אַרבייטער געקומען און אויף מאָרגען ניטאָ. די ווייסע זיינען ביסלאַכווייז פאַרשוואונדען, נעגערס האָבען פאַרנומען זייערע פלעצער, און די גאַנצע פאַבריק האָט געשמעקט מיט שווייס און פראַצע.

און מענדל'ס לעבען איז שווערער געוואָרען. די ווייב איז געשטאָרבען. די קינדער האָבען זיך פאַרקליבען אין ניו יאָרק. קיין מזל ניט געהאַט. זיך געמוטשעט צו מאַכען אַ לעבען. מענדל איז געווען אַליין. דערדריקט פון זיין אומעט, פלעגט ער ביינאַכט אין פאַבריק ריידען צו די מאַשינען, דערציילען זיי וועגען זיין ביטער לעבען, דערציילען זיי וועגען דעם האַס וואָס קלייבט זיך אין זיין האַרצען געגען זיין אַמאָליגען חבר, וואָס האָט פאַרוואַנדעלט זיין לעבען אין אומעט. איצט שאַרט ער זיך ווי אַ שאָטען אין פאַבריק, קלאַפט בלינד מיט זיינע פיס, הערט זיך איין צו דעם מורמלען פון דער שטיקענדער טייך פון פאַסייק ריווער.

מענדל טראַכט וועגען דער צווייטער פאַבריק, וואו אַ נייע לעבען האָט זיך אָנגעהויבען. ער געדענקט דעם סטרייק לעצטען ווינטער אין דער פאַפיר פאַבריק. ער געדענקט די פרימאָרגענס, מיט די אַרבייטער אַרום דער פאַבריק. לאַנגע רייען דריקען זיך צו די גרויע מויערן. די געשלעגען, וואָס דאָרטען זיינען געווען, דעם פרימאָרגען ווען מען האָט דעם יונגען דזשאָנען אַ האַלב־טויטען אַוועקגעשלעפט אין האָספיטאַל. ער געדענקט די לאַנגע וואָכען, טאָג נאָך טאָג, די ווילדקייט פון דער פאָליציי, די געשרייען פון פרויען. איצט קלינגען נאָך ווי ווייטע ווייטאָג יענע פרימאָרגענס.

דאָ ביי זיי איז אַלץ פאַרגליווערט. שטייען די אַרבייטער כמורנע ביי די מאַשינען, וואַרטען ביז דער טאָג וועט פאַרגיין. גייען מיט זייער פראַצע אויף די איינגעבויגענע פלייצעס אהיים. און מענדלען דריקט שווער דאָס האַרץ.

די לעצטע צייט אַרבייטען ווייניגער אַרבייטער אין פאַבריק. ספיוואַק איז די לעצטע מאָנאַטען אַלט געוואָרען, די אויגען האָבען פאַרלאָרען די שאַרפקייט, די ברייטע פלייצעס איינגעבויגען. ער קוקט אויף די שטומע מאַשינען, דרייט זיך אַרום, ווייס ניט וואָס צו טאָן מיט זיך.

און מענדל היט נאַכט נאָך נאַכט די פוסטע פאַבריק. ער האָט אַזוי מורא פאַר דער פוסטקייט! עפעס פלאָנטערט זיך איהם אַזוי אין קאָפ. איין נאַכט איז ער געשטאַנען אַזוי ביים פענסטער. אין דרויסען איז געווען שטיל. דער טייך איז געלעגען פאַרגליווערט אין לבנה שיין. מענדל האָט דערפיהלט ווי אַ געוויין שטיקט אים אין האַלז, ווי אין האַרצען נאָגען טויזנט ווייען. ער האָט מיט די הענט זיך אָנגעהויבען קלאַפען אין האַרצען. ער איז אַרומגעלאָפען אין פאַבריק, ביז ער איז געפאַלען צו דער ערד און זיך פאַרגאַנגען אין אַ קלאָגען...

אַ צווייטען מאָל האָט ער דערפילט אַ פוסטקייט אין האַרצען. קיינער איז ניטאָ, מאַשינען מיט אייזערנע אָרעמס. שטאָלענע פינגער קריכען אין דער נאַכט, אין דרויסען רעגענט. עס קלאַפט אין דער פינסטער. די שאָטענס צווינגען זיך אין די ווינקלען, דער קאָפ איז אָנגעפילט מיט מידקייט, מיט אַ שטעכיגער פוסטקייט. מענדל פיהלט ווו זיין פנים הויבט זיך אָן קרימען, די ליפען קנוילען זיך אין געלעכטער. מיט אַמאָל הערט ער אַ הילכיגען קול, ער ווייס ניט ווער עס שרייט... פון אומעטום הערט זיך אַ דעמאָנישער געלעכטער. די מאַשינען לאַכען ביז געוויין. און ער לויפט אַרום, פאַטשט מיט די הענט, טאַנצט אַרום די שאָטענס.

שווערע טעג. מענדל היט די מאַשינען די לעצטע נאַכט. מאָרגען וועט ער ניט וויסען וואָס צו טאָן מיט די נעכט. מאָרגען וועט ספיוואַק שטיין און קוקען ווי די מאַשינען האָבען אים פאַרשלונגען. מענדל לאַכט. פופצעהן יאָר געהיט פאַר דיר, זיך אָנגעגעסען מיט שווייס ניט פאַר דיר. — ער פילט אַז ער ווערט דערשטיקט פון געלעכטער, ער ווייסט אַז ספיוואַק איז פאַרלאָען. זאָל אים די כאָלעריע כאַפען! ער פילט ווי זיינע פינגער קנייטשען זיך, און פון די ווינקלען פון זיין מויל שטראָמט האַס.

ספיוואַק גייט איבער'ן פאַבריק. די אָרעמס הענגען אַרונטער, דער קאָפ געבויגען, ער זעט מענדלען, בלייבט שטיין און פירט מיט די פינגער איבער די האָר. צו וואָס היטסטו נאָך דאָ? געה אהיים, מענדל! ניטאָ מעהר וואָס צו היטען!... זיין קול פאַרגייט זיך אין אַ כריפען.

מענדל ענטפערט ניט. עפעס האָט אַ ציה געטאָן ביים האַרצען, ער דערמאָנט זיך אָן דעם דאָרף, עס ווערגט אין האַלז...

„געדענקסט, מענדל, אין דאָרף? ספיוואַק קוקט צום טייך. ער רייבט די אויגען. — „זעהסט, אַלעס איז צופאַלען. זאָג, דו ביסט ברוגז אויף מיר, מענדל? — וואָס מאַכט די ווייב? — ער רייבט דעם שטערען — „פאַרגעסען, געשטאָרבען! זייט ניט ברוגז, מענדל." ער פאַרמאַכט די אויגען, שטייט ווי ער וואָלט אַנדרימעלט געוואָרען.

מענדל ענטפערט ניט. ספיוואַק שאַרט זיך אַוועק. מענדל'ס אויגען בליצען מיט פיבער. ער גייט נאָך ספיוואַק'ן. יענער שטייט ביים טייך. אין דרויסען גליווערט די נאַכט. דאָס וואַסער שימערט מיט לבנה־שיין. ספיוואַק וויגט זיך אַהין און צוריק. איצט טראַכט ער אודאי וועגען זיין קינדהייט, טראַכט אודאי וועגען דער ווייב און קינדער, וואָס ער וועט מעהר ניט זעהן. וואָס וועט ער גיין אַהיים?...

די קינדער זיינען דאָך פרעמדע אויסגעוואַקסען! ער איז דאָך געווען פאַרנומען מיט דעם פיבער פון די מאַשינען! געלאָפען, געלאָפען. איצט איז ער מיד, ער וויל פאַרגיין אין שטילקייט...

מענדל זעהט ווי ספיוואַק'ס קערפער וויגט זיך, ער טראַכט אַז די נאַכט רופט איהם. ערגעץ רייסט זיך אַ הונט פון אַ קייט, מענדל טראַכט פון הונט. עס גיט אַ קלאַפ די וואַסער, מענדל קוקט זיך אַרום. ספיוואַק איז ניטאָ. מענדלען מישט זיך אין קאָפ. הונט... קייט... ספי־

# האַס

מ. קראַוועץ.

(ערצעהלונג)

א שמאַלער בריק פאַראייניגט גאַרפילד און פאַסייק. ביידע שטעטלאַך רוען ביי די ברעגען פון „פאַסייק ריווער". דער טייך מיט די שמוציגע געדיכטע וואַסער, וואַשט די ברעגען, און אַ געראַך רייסט זיך פון דעם שטייענדיגען וואַסער, וואָס מאַכט שווער צו אָטעמען אין די הייסע זומער טעג.

צוויי פאַבריקען האָבן כמורנע געבליקט איינע אויף די אַנדערע. איין פאַבריק אַ פּאַפּיר-מיל, וואו הונדערטער אַרבייטער האָבען זייערע טעג פאַרלאָרן. אַ גרויסע שטיינערנע געביידע, ארומגעצאַמט מיט אַ שטיינערנער וואַנט. אַ גרויסער אייזערנער טויער, וואו טאָג ווי נאַכט זיינען געשטאַנען היטער, און די אַרבייטער זיינען אריין דורך די טויערן, זיינען די געבליבען פאַרשלאָסען ביז פאַרנאַכט. און ווען דער רעווען פון דעם קוימען וואָס האָט זיך געשפּאַרט צום הימעל, האָט זיך געלאָזט הערען, פלעגען די היטער עפענען די טויערן און באַפרייען די אַרבייטער פאַר אַ נאַכט רו.

די פאַבריק אַנטקעגען איז געווען אַ הילצערנע, אַ רויט-געפאַרבטע, און האָט פאַרנומען אַ סך פּלאַץ. עס איז געווען אומעדיג צו קוקען ווי די געביידע האָט זיך צושפּרייט ביי די ברעגען פון דער שטיקענדער טייך. עס האָט פאַרדראָסען וואָס מענשען פאַרלירען זייערע טעג דאָרטען, מיט גרויסע בוכשטאַבען איז געווען אַנגעשריבען „מאָזעס ספּיוואַק, קאָטען פאַרבען מאַנופעקטשורער".

אין פאַבריק איז איצט שטיל. ניט ווייל עס איז נאַכט: אַ קורצע צייט צוריק האָט יעדער רעדל זיך געדרייט. האָט יעדע מאַשין געזונגען, האָבען קאָטען אין אַלערליי קאָלירען זיך געטריקענט, און פון דער ווייטען האָט דער חדר אויסגעקוקט ווי אַ בליענדער גאָרטען. איצט איז שטיל. די גרויסע מאַשינען פאַרדעקט מיט ווייסע לייוונטן, די גרויסע צימערן לאַנגווײלען זיך, שפּינען די שפּינעס, קוקען ווי בלינד אין די גרויסע פענסטער צו „פאַסייק ריווער", וועלכער איז איצט אין נאַכטיגען צויבער, אין לבנה שיין; ציטערען די שמוציגע וואַסערען, טונקען זיך אין הימעל, און מען פאַרגעסט די העסליכקייט פון דעם טייך אין זונענליכט.

נאָר צווייען זיינען דאָ אין פאַבריק. מאָזעס ספּיוואַק זיצט אין זיין אָפיס פאַרגראָבען אין די ביכער, קוקט אויף די ציפערן, וועלכע ער קען ניט פאַרשטיין, שפּאַרט אָן די קאָפּ אָן די הענט און זיצט אַזוי פאַרגליווערט. און דער צווייטער—מענדל, דער היטער פון פאַבריק, שוין פופצען יאָר ווי ער הערט זיינע נאַכטיגע טריט וועלכע קלאַפּען אויף דער שטיינערנער דיל. ער איז הויך און דאַר, די האָר גרויע שוין, די פיס ווערען מידער, איצט טראַכט מענדל אַז עס איז זיין לעצטע נאַכט! וואָס וועט ער איצט טאָן מיט זיינע טעג? ווי וועט ער שלאָפען דורך די נעכט?

איצט איז ניטאָ מער וואָס צו היטען. מאָרגען וועלען די מאַשינעס פאַרקויפט ווערען. די ווענט וועלען בענקען נאָך דעם גערויש. די דיעל וועט בענקען נאָך זיינע טריט. מענדל גייט פּאַמעלאַך, בלייבט שטיין ביי אַ גרויסער מאַשין. זיינע פינגער גלעטען די שטאָלענע רעדער. עס ווערט מענדלען אייננג אין האַלז, ער טוליעט זיך צו די שאָטענס. אָט וואָלט ער געוואָלט פאַרגיין מיט זיי.

ער בלייבט שטיין ביי יעדער מאַשין. זיי דערמאָנען אים אַזוי פיל. דאָ האָט געאַרבייט מאַקס. אַ גאַנצען טאָג האָבען די הענט פיבעריש געאַרבייט. מען דאַרף נאָכיאָגען דעם גאַנג פון דער מאַשין. מאַקס איז געווען אַזוי בלייך. די שאַרפע כעמישע שטאָפען האָבען זיך אריינגעגעסען אין זיינע לונגען, אויסגעבלייכט זיינע באַקען, איבערגעלאָזט די פיבערדיגע אויגען. דערנאָך מעהר ניט געקומען! ווער ווייס, וואָס איז פון אים געוואָרען? און אימיצער אַנדערש האָט פאַרנומען די מאַשין, ווי גאָרניט געווען!

מענדל ווייסט אַז מאָזעס ספּיוואַק זיצט דאָרטען אַליין, מיט'ן קאָפּ איינגעבויגען, די אויגען מידע, די ברייטע פּלייצעס איינגעהויקערט. ער טראַכט אודאי וועגען דעם גרויסען חורבן וואָס איז פון אַלעם געוואָרען! מענדל קען ניט רוען, דרייט ער זיך אַרום דעם חדר וואו ספּיוואַק זיצט, האַלט איין דעם אָטעם, ער וויל ניט אַז יענער זאָל הערען. רוקט ער זיך ביסלאַכווייז אַוועק אין צווייטען צימער, זעצט זיך אַוועק ביים פענסטער און קוקט ווי אין וואַסער טונקען זיך די שטערען.

***

מאָזעס ספּיוואַק קומט מיט מענדלען פון איין דאָרף אין פּאָדאָליער גובערניע. מענדל איז געווען דער איינגערער. ער געדענקט דעם טאָג ווען ספּיוואַק איז אַוועקגעפאָרען קיין אַמעריקע. מענדל האָט ניט געטראַכט אַז דאָרטען וועלען זיי זיך אַמאָל באַגעגענען, אַז ער וועט זיינע נעכט פאַרקויפען צו זיין עלטערען חבר.

מענדל האָט ליב געהאַט דעם דאָרף. ליב געהאַט די ברייטע סטעפּעס, ליב געהאַט די שוואַרצע ערד. ער האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין חלומות וועגען אַן אַנדער לעבען. אין דאָרף האָט זיין טאַטע געלעבט און געשטאָרבען: זייער מיל, מיט פליגלען אויסגעשפּרייט ווי אַן אָדלער, איז געשטאַנען ביי דער ענדע פון דאָרף. פון דאָרטען אָן האָבען זיך פעלדער אויסגעשפּרייט, קאָרן זאַנגען האָבען זיך געוויגט און זיך אָנגעטרונקען מיט זונען-שיין.

מענדל געדענקט דעם פאַרנאַכט, ווען ער האָט ספּיוואַק'ן באַגלייט צום שטעטעל, וואו דער אייזענבאַן איז געלאָפען. עס איז געווען אַ הערבסט נאַכט, דער וועג האָט זיך געצויגען דורך אַ וואַלד. די לבנה האָט געזילבערט דעם וועג, פאַרגרעסערט די שטילקייט. דער פערד איז געגאַנגען פּאַמעלאַך. צייט איז נאָך געווען גענוג — ניטאָ וואָס זיך צו איילען.

— דו האָסט ניט געדאַרפט אַוועקפאָרן, משה. דאָ ביזטו צווישען אייגענע, דאָ רוהט דער פרידען איבער דער ערד. דאָרטען — ווער ווייס? דו וועסט פאַרלאָרן ווערען.

מענדל ווערט אַנטשוויגען. ספּיוואַק קוקט צום ענדע פון וואַלד, וואו עס ציט זיך אַ ווייסער זאַמדיגער וועג צווישען קאָרן-פעלדער, און אַז ער רעדט, דערצעהלט ער וועגען זיינע חלומות צו מענדלען.

„ער וועט גרויס ווערען דאָרטען, אין דעם דאָזיגען לאַנד! פאַבריקען וועט ער בויען, ער וועט מאַכען זיין נאָמען באַרימט. ער ווייסט אַז דאָרטען, הינטער דעם ים, וואַרט אויף אים אַ לאַנד; וואַרט אַז ער זאָל זיין מאַרך און בלוט פאַרזייען אויף יענער ערד".

מענדל הערט. עס ווערט אים אַזוי אומעטיג. צו וואָס דאַרף אַ מענש גרויסקייט? — צו וואָס ריזיגע פאַבריקען? דאָ, איבער די פעלדער, רוהט גאָט. דאָ קען מען זיך אין דער רוהיגקייט פאַרוויגען. דאָ קען מענדל פלאַנצען זיין גאָרטען, ווען ער דאַרף אפילו מיט נאַקעטע הענט אויפרייסען די האַרץ פון דער ערד. דאָ קען מען דערפיהלען גאָט אין האַרצען. מענדל האָט ניט קיין גרויסע פאַרלאַנגען. פאַר אים איז גענוג, אַז די זון שיינט איבער די פעלדער, פאַר אים איז גענוג צו זעהן אַ זון אונטערגאַנג, אַ נאַכט איבער די סטעפּעס. צו וואָס דאַרף אַ מענש מער? ספּיוואַק שמייכעלט, זיינע אויגען, פיבערדיג ווי זיין בלוט, חלומ'ס שוין וועגען ווייטען לאַנד, וואו ער פאָרט איצט.

מענדל האָט פון ספּיוואַק'ן די ערשטע צייט בריוו געקראָגען. בריוו פול מיט באַגייסטערונג פאַר דעם וואונדערלאַכען לאַנד. איצט אַרבייט ער אין אַ פאַבריק. ווען מענדל וואָלט געזעהן די ריזיגע מאַשינען, ווען מענדל וואָלט געזעהן די גרויסע געביידעס, וועלכע דערגרייכען די וואָלקענס! ער אַרבייט שווער, אָבער ער לעבט מיט גרויסע ערוואַרטונגען אויף דעם מאָרגען.

מער האָט מענדל קיין בריוו ניט געקראָגען. נייעס האָט ער יאָ געהערט. ספּיוואַק האָט חתונה געהאַט. גענומען אַ רייכע פרוי, פאַרמאָגט אַ גרויסע פאַבריק. מענדל האָט געהערט און געשמייכעלט. „זאָל אים זיין גוט", האָט ער געטראַכט. מענדל איז געווען צופרידען וואָס ספּיוואַק'ס חלומות זיינען פאַרווירקליכט געוואָרן.

מענדל האָט אויך חתונה געהאַט, שוין געהאַט צוויי קינדער. געווען צופרידען פון זיין דאָליע. געטראַכט וועגען אויסלעבען די יאָרען אין דאָרף. געדונגען ערד, בעאַרבייט, געזעהן ווי פון זיין שווייס בליען פעלדער. ווינטער פלעגען די אידישע פאַמיליעס זיך צוזאַמענקומען ביי אים אין הויז, טרינקען טיי און זיך דורכרײדען. דערנאָך איז געקומען די נאַכטיגע רו: אַלע שלאָפען, עס דרימלען די קליינע הייזקעס, עס וויגען זיך די בוימער אין גאָרטען, שניי ביסלאַכווייז אויף די צווייגען, עס דרהימעלט דער הימעל איבער דער ערד. דאַנק דיר, גאָט, פאַר דער רו און פרידען!

עס איז געווען אין די שווערע פּאָגראָם-טעג. איינג איז געוואָרען אין דאָרף. די נעכט זיינען געוואָרען אָנגעפילט מיט בלינדער מורא! פון שטאָט אין שטעטעל האָבען די ווינטען געבראַכט דעם געראָך פון בלוט, פאַרשפּרייט איבער דעם דאָרף דעם ציטער פון קומענדיגען מאָרגען. אין די שווערע צייטען האָט מענדל מיט זיין הויזגעזינד פאַרלאָזען די ערד, אַוועקגעפאָרען אין אַמעריקע.

מענדל שטייט איצט ביים פענסטער, קוקט אויף דעם טייך. עס מוז זיין אָונט אין דרויסען. די פאַרגליווערטע וואַסער קלעפּט אָן ברעג. אַנטקעגען דעם מויער פון דער צווייטער פאַבריק, מיט די דריי הויכע קוימענס, דאָרטען רוישען נאָך מאַשינען. דאָרטען קנייטשען זיך פינגער, דאָרטען שטייען איבער די מאַשינען איינגעבויגענע רוקענס, דאָרטען קאָכען קעסלען, פלאַמען צאַנלען זיך. פאַרשפּרייטען אומרואיגקייט אין דער נאַכט. דאָ איז שטיל, שטומע מאַשינען, אומעדיגע ווענט, געדיכטע פינסטערניש איינגעצוימט אין ווענט.

ער דערמאָנט זיך דעם טאָג ווען ער איז אָנגעקומען אין פאַבריק. ספּיוואַק האָט אים איבערגעלאָזען מיט אַ ווייטאָג אין האַרצען. די יאָרען וואָס זיי האָבען זיך

---

שיצען און פאַרטיידיגען געגען דער אידישער „קאָנקורענץ".

מילא, אַז די ס אָ צ י אַ ל ד ע מ אָ ק ר אַ ט י ש ע פ אַ ר ט י י האָט זיך שאַרף ארויס געגען אַלע נאַציאָנאַלע דיסקרימינאַציעס, איז זעלבסט פאַרשטענדליך, אָבער אין משך פון די לעצטע צוויי יאָר צייט, ווען די פאַרמאַסקירטע דיקטאַטור האָט נאָך געלאָזט די סינדיקאַטען (יוניאָנס) אויפהויבען פון צייט צו צייט זייער שטים, זיינען פאָרגעקומען קאָנגרעסען פון פאַרשידענע פאַכען און אומעטום איז געווען דער אורטייל, אַן איינשטימיגער געגען דער אידישער פאַרפאָלגונג פון די אידישע אַרבייטער. דעם אמת זאָגענדיג, האָבען אידישע אַרבייטער ארויסגעקוקט מיט אַ געוויסער אומרוהיגקייט אויף דער שטעלונג פון די יוניאָנס צו דער דאָזיגער פראַגע, מען האָט חלילה נישט געצווייפעלט, אַז די יוניאָנס וועלען זיך ארויסזאָגען געגען דער פאַרפאָלגונג פון אידישער אַרבייט. אָבער מען דאַרף זיך פאָרשטעלען די דזשנגל אַנטיסעמיטישע אַטמאָספערע, וואָס הערשט אין לאַנד, כדי צו דערקענען, אַז דער שרעק איז נישט געווען קיין אומזיסטער: טאָמער וועט דער אורטייל ארויסקומען נישט קיין איינשטימיגער, טאָמער וועט זיך ארויסכאַפּען דאָ און דאָרט אַן אַרבייטער מיט אַ וואָרט, אַז אין דער צייט פון גרויסער אַרבייטסלאָזיגקייט מוז די רעגירונג פאַרזאָרגען מיט אַרבייט קודם כל די אַרבייטער פון דער „הערשענדיגער נאַציע"... אַזעלכע מיני ווערטער וואָלטען פריש אויל געווען פאַר די רעדער פון דער אַנטיסעמיטישער מאַשין.

ווי אָנגענעם איז געווען די איבערראַשונג: עס האָבען גערעדט יוניאָנס מיט אַ גרויסער מערהייט אידישע מיטגלידער (האַנדעלס אָנגעשטעלטע), יוניאָנס מיט אַ שטאַרק געמישטער מיטגלידערשאַפט (באַקלייד-אַרבייטער) און יוניאָנס כמעט מיט אַן אויסשליסליך קריסטליך-„אַרישער" מיטגלידערשאַפט (אייזענבאַן-אַרבייטער, מיינערס א. אנד.). די דעבאַטעס זיינען געווען היציגע, ליידענשאַפטליכע, אָבער נישט פ אַ ר און ג ע ג ע ן האָט מען זיך „געהיצט", נאָר איין רעדנער איז אַלץ אריבערגעשטיגען דעם צווייטען אין מער שאַרפקייט פון אויסדרוק געגען דער פאַרברעכערישער רעגירונגס-פּאָליטיק און דער אורטייל איז, ווי געזאָגט, געווען אַן איינשטימיגער. „מיר זיינען מוחל דער רעגירונג אירע טובות" — איז געזאָגט געוואָרען אין די אָנגענומענע רעזאָלוציעס. „אויב דער רעגירונג טוט ווי דאָס האַרץ, פאַר די רומענישע אַרבייטסלאָזע, טאָ זאָל זי אָפּהיטען די אַרבייטער-שוץ-געזעצען, אין ערשטער רייע דאָס געזעץ וועגען 8-טעה'דיגען אַרבייטס-טאָג, וועט זיין אַרבייט פאַר אַלע. נאַציאָנאַלע דיסקרימינאַציעס פאַרדאַמען מיר, ווייל אַלע אַרבייטער זיינען ברידער".

אַזוי האָבען גערעדט די אַרבייטער פון רומעניע. אָבער אָט איז רומעניע פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ פאַשיסטישער מלוכה מיט קעניגליכער דיקטאַטור. די אַרבייטער האָבען קיין וואָרט נישט מער און די אַנטיסעמיטיש-פאַשיסטישע פאַרזאָרגערס פון „נאַציאָנאַלער אַרבייט" קענען טאָן, וואָס זייער האַרץ גלוסט.

ענד נידעלס" געקומען נאָך גוט דורכגעטראַכטער, פּלאַנירטער און לאַנגער שווערער אַרבייט.

און ניט נאָר דורך שווערער אַרבייט, נאָר אויך דורך ליבע צו דער אַרבייט, דורך איבערגעבענהייט פון אַלע מיטגלידער פון דער טרופּע צו זייער אַרבייט, איז דער ערפאָלג געקומען. מען דאַרף זען אַ ריהורסעל פון דער טרופּע, אָדער הינטער'ן בינע צו זעהן מיט וואָס פאַר אַ פרייד אַט די יונגע אַרבייטער מענער און פרויען, וואָס שפּילען אין „פּינס ענד נידעלס", טוען זייער אַרבייט, מיט וואָס פאַר אַ שטאָלץ, באַוואוסטזיין און ערנסטקייט זיי באַציען זיך צו דעם, אום צו באַגרייפען פאַר וואָס „פּינס ענד נידעלס" האָט אַזאַ ערפאָלג. זיי האָבען פון דער אַרבייט אַן אינערליכע באַפרידיגונג. זיי באַציען זיך צו דעם ווי צו אַ הייליגער אַרבייט. זיי טוען אין דעם אַריין זייער גאַנצע נשמה און גייסט און עס איז קיין וואונדער ניט וואָס זייער שפּילען איז אַזוי פּערפעקט, אַז עס האָט איבערראַשט די גרעסטע בראָדוויייער טעאַטער קריטיקער.

און דאָ איז אינטערעסאַנט צו ברענגען קורצע ביאָגראַפיעס פון די וויכטיגסטע ראָליסטען אין „פּינס ענד נידעלס", וואָס מאַכען אַזאַ גרויסען סוקסעס. זיי האָבען אַרויסגעצייגט אַזוי פיל טאַלאַנט, אַז מאַנכע פון זיי ערוואַרט אַ גלענצענדע קאַריערע אויף דער בראָדוויייער בינע און אפשר נאָך אין האָליוואוד.

רות רובינשטיין, איינע פון די וויכטיגסטע שפּילערינס, אַ „סטאַר" אין „פּינס ענד נידעלס", און וועלכע שפּילט איינציגע ראָלען אין דעם רעוויו, איז 21 יאָר אַלט און זי איז אינגאַנצען 10 יאָר אין אַמעריקע. זי איז געבאָרען געוואָרען אין דער שטעטעל אָסטראָוו, לעבען וואַרשע, פּוילען, און אין אַמעריקע איז זי געקומען אין 1927. זי האָט געענדיגט פּאַבליק סקול, האַי סקול און איז אויך געגאַנגען אַ יאָר אין קאָלעדזש. זי וואוינט מיט אירע עלטערן אין 510 וואַרוויק סטריט, ברוקלין. איר פאָטער איז אַ פּרעסער ביי קלאָדינג און אַ מיטגליד פון דער אַמאַלגאַמייטעד. ניט קענענדיג, צוליב דער אָרימקייט פון די עלטערן, פאַרזעצען איר שטודיום אין קאָלעדזש, איז זי אַוועק אַרבייטען אין שאַפּ. זי אַרבייט ביי קאָרסעטס און בראַזיערס און איז אַ מיטגליד פון לאָקאַל 32. פון שפּילען טעאַטער האָט זי קיינמאָל אַפילו ניט געחלום'ט. זי איז געוואָרען אַ מיטגליד פון דער „אינטערנעשאָנעל דראַמאַטישער גרופּע", איז אויפגעטראָטען אין „פּינס ענד נידעלס" און איצט איז איר בילד פול אין אַלע ענגלישע צייטונגען און בראָדוויי האָט שוין אויף איר געוואָרפען אַן אויג. איר קאָפּ איז אָבער דערוויל ניט פאַרדרייט געוואָרען פון איר הערפאָלג און זי האָט מיר געזאָגט, אַז דערוויל איז זי מיט „לייבאָר סטיידזש" גאַנץ צופרידען און זי טראַכט גאָר ניט וועגען בראָדוויי.

אַ צווייטער „סטאַר" פון „פּינס ענד נידעלס" איז אַל. איבען. ער איז שוין דוקא אַן אַמעריקאַנער געבאָרענער און איז קיין שאַפּ אַרבייטער ניט געווען. אָבער קיין רייכער פּוסט-און-פּאַסניק איז ער אויך ניט. געבאָרען ביי אָרימע עלטערן (ער איז אַ פּלימעניק פון לואיס ליווי, מענעדזשער פון קלאָוק אָפּערייטאָרס לאָקאַל 117), האָט ער שוין איבערגעאַרבייט כל עבודת פּרך זינט ער האָט גראַדואירט פון האַי סקול. ער האָט געאַרבייט אין אַ פּעינט סטאָר, אין אַ ליקער סטאָר און ביי אַנדערע אַרבייטען. ער האָט שוין יע אַ נייגונג צו שוישפּילעריי. האָט אַנטייל גענומען אין איינציגע אַמאַטאָרישע טרופּען און געשפּילט אין עטלאַכע ראַדיקאַלע פּיעסען. ער האָט שוין אויסגעוואַנדערט גאַנץ אַמעריקע און קיין ניו יאָרק איז ער ניט לאַנג געקומען מיט 27 סענט אין קעשענע. אין „פּינס ענד נידעלס" צייכענט ער זיך אויס אין איינציגע ראָלען. דערהויפּט אַלס מוסאָליני, אין סקעטש „מוסאָליני העטדיקעפּ". ער האָט גענומען זיין אַרבייט ערנסט און ער האָט אַ סך געשטודירט זיין ראָלע אַלס מוסאָליני. אויסער דעם וואָס ער האָט אַ סך געלייענט וועגען מוסאָליני און געשטודירט פון ביכער דעם כאַראַקטער פון מוסאָליני, איז ער ספּעציעל געגאַנגען אין איטאַליענישען קוואַרטאַל, פאַרבראַכט טעג אין מאַלבערי סטריט צו שטודירען די זשעסטען פון איטאַליענער.

אַל. ליווי איז אַ דריטער וויכטיגער שפּילער פון „פּינס ענד נידעלס". ער איז אַ גוטער, מחיה'דיגער טענצער און זינגער. ער איז אַ דרעס אָפּערייטאָר און אַ מיטגליד פון לאָקאַל 22, און דאָס מערקווירדיגסטע איז, אַז ער האָט קיינמאָל פריהער ניט געטאַנצט און ניט געוואוסט מיט וואָס מען עסט דאָס. אויפ'ן סטיידזש אָבער פאַרמאָגט ער אַזוי פיל גראַציע און פלינקייט, אַז עס איז אַ מחיה אים צו זעהן.

נאָך גאָר אַ גרינער איז אויך מאָרעי מאַדיק. ער איז 26 יאָר אַלט און איז ערשט מיט 10 יאָר צוריק, אין 1927, געקומען אין אַמעריקע פון בודאַפּעסט. ער איז אַ דרעספּרעסער און אַ מיטגליד פון לאָקאַל 60. ער האָט שוין



(International)

מרס. רוזוועלט ווערט באַגריסט פון פּרעזידענט דובינסקי אין לייבאָר סטיידזש טעאַטער, ווען זי איז געקומען מיט מיס ראָוז שניידערמאַן צו אַ פאָרשטעלונג פון „פּינס ענד נידעלס". מרס. רוזוועלט האָט שפּעטער אויסגעדריקט איהר באַגייסטערונג פאַר „פּינס ענד נידעלס" אין איר קאָלום וואָס זי שרייבט אין „וואָירלד-טעלעגראַם".

דאָ אין לאַנד געטאָן פאַרשידענע אַרבייטען. איז געווען אַ שיפּינג קלוירק, אַ בוכבינדער און צולעצט איז ער געוואָרען אַ דרעס-פּרעסער. ער האָט זיך אָנגעשלאָסען אין דער דראַמאַטישער טרופּע פון דער אינטערנעשאָנעל און צייגט אַרויס אַ גרויסען שוישפּילערישען טאַלאַנט. ער איז אַ באַגאַבטער שוישפּילער און אין די פּאָר ראָלען וואָס ער שפּילט אין „פּינס ענד נידעלס" צייכענט ער זיך גוט אויס.

דער דרעס פּרעסערס לאָקאַל 60 איז שטאַרק פאַרטראָטען אין לייבאָר סטיידזש. אויך סעם קראַטש, איינער פון די וויכטיגסטע ראָליסטען אין „פּינס ענד נידעלס" איז אַ דרעס פּרעסער און אַ מיטגליד פון לאָק. 60.

אַ סטאַר אין „פּינס ענד נידעלס" איז ענן בראַון. זי שפּילט איינציגע ראָלען און זי נעמט באַזונדערס אויס אין די סקעטשעס: „פּ. ט. פּ. פלאָוד אַנדער" און „סלאַמינג פּאַרטי". איר דיקציע, נאָכמאַכענדיג ווי עס רײדען אַריסטאָקראַטישע דאַמען, איז אַזוי פּערפעקט און אַזוי נאַטירליך, אַז דער טעאַטער קראַכט פון געלעכטער. זי האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אין דער אַנאַרכיסטישער קאָלאָניע אין קאַליפאָרניע און זי האָט אַ ביסעל שוישפּילערישע דערפאַרונג פון פריהער. זי האָט אויך געלערנט דראַמאַטישע קונסט ביי זשילינסקין, און האָט שוין אויך געשפּילט אין איינציגע אַמאַטאָרען טרופּעס. קיין וואונדער ניט וואָס זי שפּילט אירע ראָלען ווי אַ דערפאַרענע אַקטריסע.

אַ שוישפּילערין מיט גרויס טאַלאַנט און אַ וויכטיגער מיטגליד פון „פּינס ענד נידעלס" איז מילי ווייץ. זי איז געבאָרען געוואָרען אין אַמעריקע און איז אַ דרעסמאַכערין, אַ מיטגליד פון לאָקאַל 22. זי צייכענט זיך באַזונדערס אויס אין דעם סקעטש „דיער ביטריס פּעירפּעקס", וואו זי שטעלט פאָר ווי אַן עלטערע מיידעל בעט ביי ביטריס פּעירפּאַקס אַן עצה ווי זי זאָל קריגען אַ חתן. מיס ווייץ שפּילט עס מיט אַזוי פיל אָנגעשטעלטען ערנסט, נאַאיוויטעט און חן, אַז זי איז אַ גוואַלדיגער ערפאָלג.

אַ וויכטיגע קראַפט אין לייבאָר סטיידזש איז פּאָול סימאָר. פאַר אַ יאָרען האָט ער געשפּילט אַ וויכטיגע ראָלע אין דער פּיעסע „שטאָל" און האָט שטאַרק אויסגענומען. היי־יאָר נעמט ער שטאַרק אויס אין איינציגע ראָלען אין „פּינס ענד נידעלס", און כאָטש ער איז דער זון פון אַ מאַנופעקטשורער, אַרבייט ער אין אַ שאַפּ און איז אַ מיטגליד פון לאָקאַל 66.

אויך הערי גאַרדנער און לין דזשאָפּע זיינען באַדייטענדע און טאַלאַנטירטע שפּילער פון „פּינס ענד נידעלס". גאַרדנער איז אַ מיטגליד פון קלאָוק קאַטערס לאָקאַל 10, איז 24 יאָר אַלט און אַ היגער געבוירענער. ער מיט אַל. איבען שפּילען צוזאַמען אין איינציגע סקעטשעס פון „פּינס ענד נידעלס" און זיי זיינען אויך חברים אין לעבען. זיי וואוינען אַפילו אין איין רום. לין דזשאָפּע, וועלכער צייכענט זיך אויס אין סקעטש „לעסאָנס אין עטיקעט", איז אַ דרעסמאַכערין און מיטגליד פון ל. 22.

אין לייבאָר סטיידזש הערשט ניט די סטאַר סיסטעם. דאָ הערשט דער אַנסאַמבל סיסטעם, ווי אין סטאַניסלאַווסקי'ס מאָסקווער קונסט טעאַטער. דער „סטאַר" פון איין סקעטש קען אין צווייטען סקעטש שפּילען די ראָלע פון אַ סטאַטיסט. אַל. איבען שפּילט ווי אַ סטאַטיסט אין דעם סקעטש „מען עוועיק" און רות רובינשטיין שפּילט די אומבאַדייטענדע ראָל פון אַ בויטשיקעל אין וואונדערבאַרען סקעטש „סאַנדעי אין די פּאַרק", וואָס די דירעקציע הייסט דאָס מוזען זיי שפּילען.

ביז ניט לאַנג צוריק, איידער דער ערפאָלג פון „פּינס ענד נידעלס", האָבען די שוישפּילער געאַרבייט אין שאַפּ. ביי טאָג פלעגען זיי אַרבייטען און אין אָוונט שפּילען. איצט האָבען זיי שוין די אַרבייט אויפגעגעבען און זיי נעמען באַצאָלט פון לייבאָר סטיידזש. זיי פאַרדינען פון 30 ביז 40 דאָלער אַ וואָך. דאָס הייסט, די יוניאָן וויידזשעס לויט דער סקייל פון דער „עקוויטי", די אַקטיאָרען יוניאָן. די מערסטע פון זיי האָט שוין די „עקוויטי" אַריינגענומען אַלס מיטגלידער.

פאַר'ן נעקסטען סעזאָן, — ערקלערט מיר שייפער, — גרייט שוין לייבאָר סטיידזש צו אַ נייע פּיעסע, אַ דראַמאַטיזאַציע פון באַוואוסטען בוך די „אָוט-וואָרד רום", פון מילען בראַנד. דער בוך איז אַ „בעסט-סעלער" און די דראַמאַטיזאַציע ווערט געמאַכט פון באַוואוסטען בראָדוויייער דראַמאַטורג סידני קינגסלי, דער מחבר פון „דעד ענד". צו רעזשיסירען די פּיעסע שטעלט לייבאָר סטיידזש אָן דעם באַרימטען בראָדוויייער אַקטיאָר לי שטראַסבערג, פון „גרופּ" טעאַטער. אויך די פּיעסע וועט געשפּילט ווערען מיט אייגענע קרעפטען, דאָס הייסט, מיט שאַפּ אַרבייטער, יוניאָן מיטגלידער.

עס איז בכלל אינטערעסאַנט צו פאַרברענגען אַ פאַרנאַכט אין לייבאָר סטיידזש טעאַטער. דאָרט שוויבעלט און גריבעלט מיט קולטורעלע טעטיגקייט. אַרבייטער, נאָר וואָס פון שאַפּ, פון אַ טאָג אַרבייט און פּראַצע, האָבען אָפּגעכאַפּט אין אַ קאַפעטעריאַ עפּעס סאַפּער און לויפען אויסלעבען זייערע קינסטלערישע פעהיגקייטען אין דעם קולטור און קונסט צענטער פון דער אינטערנעשאָנעל. אויף איין פלאָר ריהורסט דער כאָר, אויף אַ צווייטען — דער מאַנדאָלין אָרקעסטער, אויף אַ דריטען — אַ טאַנץ גרופּע. אונטען, אין טעאַטער, ריהורסען די שוישפּילער. מען שפּילט און זינגט, מען טאַנצט אין אַלע ווינקעלאַך פון דער געביידע, און אַלץ ווערט געטאָן פון די אַרבייטער מיט אַזוי פיל ליבע, ברענענדען אינטערעס און איבערגעבענהייט, אַז עס איז אַ גייסטיגער פאַרגעניגען דאָס אַלץ צו זעהן. די אינטערנעשאָנעל מעג שטאָלץ זיין מיט איר קולטורעלער אינסטיטוציע — „לייבאָר סטיידזש". פון איין אונטערנעמונג „פּינס ענד נידעלס" האָט זי שוין אויך נחת און עס איז אַ פאַרדינטער נחת.

# דער ריזיגער ערפאָלג פון „פינס און נידעלס“

„מיר זיינען פון די שעפּער.
מיר זיינען קלאָוקמאַכער, דרעסמאַכער,
קאַטערס פּרעסער נעקווער
מאַכער וויסט מאַכער.
מיר זיינען פון די שעפּער“.
(ליד פון דער עפענונגס סקעטש
פון „פּינס ענד נידעלס“)

שוין באַשערט די אינטערנעשאַנאַל יוניאָן פון פרויען קליידער אַרבייטער ווידער צו מאַכן געשיכטע און אריינצושרייבן נאָך אַ גאָלדענע בלאַט אין איר אַזוי אויך גלאָררייכער געשיכטע.

מען האָט שוין פון לאַנג געוואוסט, אַז אין אַרבייטער דרעמלען און שלומערן קינסטלערישע כחות וואָס זיינען גאָר ניט אָפּצושאַצן. מען האָט געוואַרט אויף לעתיד לבוא, אויף די גליקליכע צייט, ווען משיח וועט קומען, אויף דעם „אויף מאָרגען נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע“, די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט זאָל אָט די קינסטלערישע כחות פון אַרבייטער קלאַס אַרויסברענגען. נו, איז געקומען די אינטערנעשאַנאַל און האָט, ווי מיט אַ צויבער־שטעקעל, אָט שוין אין דער איצטיגער פאַרבורושואַזעטער בראָדוויי, אַרויסגערופן צום לעבן און אַרויסגעבראַכט די קינסטלערישע כחות אין איינפאַכע, פשוטע שאַפּ־אַרבייטער און עס אַרויסגעבראַכט מיט אַזאַ קראַפט און מיט אַזאַ רושם, אַז בראָדוויי געהט כאַדראַם.

דער געוועזענער פּרינסעס טעאַטער איז אַ קליין טעאַטערל אויף דער 39טער סטריט, לעבן 6טער עוועניו. דער טעאַטערל איז שוין לאַנג געווען אַ פאַרגעסענער און אַ פאַרלאָזענער. האָט אים די אינטערנעשאַנאַל מיט אַ פּאָר יאָר צוריק איבערגענומען און אונטער דער דירעקציע פון לואיס שייפער, דאָרט געמאַכט „אַ לייבאָר סטיידזש“ פאַר פאַרשידענע עדיוקיישאַנאַל אַקטיוויטעטען וואָס די אינטערנעשאַנאַל האָט פאַר אירע מיטגלידער, ווי כאָר געזאַנג, מאַנדאָלין שפּילען, אָרקעסטער, ספּאָרט און צווישען די אַלע אַקטיוויטעטען איז אויך געווען אַ דראַמאַטישע אָפּטיילונג. מען האָט דאָרט פאַר־אַ־יאָרען אויפגעפירט מיט אייגענע כחות, מיט אַרבייטער פון די שעפּער, אַ סאָציאַלע פּיעסע „שטאָל“, וואָס האָט שטאַרק אויסגענומען. הא־יאָר האָט מען אויפגעפירט, אויך מיט אייגענע כחות, מיט שאַפּ אַרבייטער, מיטגלידער פון אינטערנעשאַנאַל לאָקאַלס, אַ סאַטירישען רעוויו „פּינס ענד נידעלס“, און אָט דער פאַרגעסענער און פאַרלאָזענער קליינער פּרינסעס טעאַטערל איז איצט דער פּאָפּולערסטער טעאַטער אויף בראָדוויי. ער איז די סענסאַציע פון בראָדוויי.

און אַלץ הייסט אַ סענסאַציע! מען שפּילט דאָרט אַלע נאַכט און דער טעאַטער איז געפּאַקט. פאַר וואָכען אין פאָראויס זיינען שוין די טיקעטס אויספאַרקויפט. מען שרייבט וועגען דעם גראַטענעם רעוויו „פּינס ענד נידעלס“ און וועגען די שפּילער אין רעוויו מיט די גרעסטע לויב־געזאַנגען אין אַלע צייטונגען און אין אַלע זשורנאַלען. די גרעסטע אַמעריקאַנער טעאַטער קריטיקער קענען זיך ניט אָפּלויבען סיי פון דער זאַך, סיי פון דער אויפפירונג און סיי פונ'ם שפּילען. די גרעסטע קריטיקער און טעאַטער מבינים שרייבען אַז אַזאַ שפּילען ווי אין „פּינס ענד נידעלס“ קען מען זעלטען זעהן אין די בעסטע בראָדווייער טעאַטערס. און בראָדוויי, וואָס ווייס פון אַ סך ערפאָלגען, און אַפילו ליטעראַרישע ערפאָלגען, האָט זעלטען ווען געזעהן אַזאַ ערפאָלג ווי „פּינס ענד נידעלס“ איז. דער טעאַטער איז געפּאַקט מיט פאַרשידענע קלאַסען מענשען. עס קומען אי אַרבייטער, אי די אַמעריקאַנער אינטעליגענציע און אי אַפילו די פּאַרק עוועניו און די פינפטע עוועניו אַריסטאָקראַטיע. און ווי שייפער האָט מיר געזאָגט, ערוואַרט מען, אַז „פּינס ענד נידעלס“

פון ז. שער.

וועט געהן נאָך אַ יאָר צייט. און ניו יאָרק איז נאָך ניט אַלץ. מיט ניו יאָרק באַנוגענט זיך נאָך ניט די „לייבאָר סטיידזש“. „לייבאָר סטיידזש“ האָט איצט די אַמביציע איינצונעמען גאַנץ אַמעריקע. ווי שייפער זאָגט מיר, שטודירט מען איצט איין דעם רעוויו מיט נאָך צוויי קאָמפּאַניס. אין יעדער טרופּע נעמען אַנטייל 25 שפּילער. הייסט עס, אַז גאַנצע 75 שוישפּילער, און אַלס אַמאַטאָרען, אַלע אַרבייטער פון די שעפּער, ריהוירסען דעם רעוויו. איין קאָמפּאַני וועט שפּילען אין ניו יאָרק און צוויי וועלען געשיקט ווערען אויפ'ן ראָוד איבער גאַנץ אַמעריקע. אָט וואָס פאַר אַ קאָלאָסאַלער ערפאָלג עס איז דער לייבאָר סטיידזש רעוויו „פּינס ענד נידעלס“, און נאָך אין אַ סעזאָן אין וועלכען אַ גאָר, גאָר גרויסע צאָל פּיעסען אויף בראָדוויי פון באַרימטע שרייבער מיט באַרימטע פּראָפעסיאָנעלע שוישפּילער, זיינען אַראָפּ מיט אַ קראַך.

פון וואַנען קומט דער ערפאָלג? איז עס אַ בלויזער צופאַל? אַ מזל־זאַך?

לויט ווי לואיס שייפער האָט מיר ערקלערט, איז עס אַ רעזולטאַט פון שווערער אַרבייט, איבערגעגעבענהייט און ליבע צו דער זאַך און פון האָבען אַ ציל. סיי די אָנפירער פון „לייבאָר סטיידזש“ און סיי די וואָס נעמען אַנטייל אין דעם רעוויו, האָבען געשטרעבט צו עפּעס, האָבען געוואוסט וואָס זיי ווילען און דורך שווערער אַרבייט און ליבע צו דער זאַך האָבען זיי דעם ערפאָלג דערגרייכט.

מאַנכע קענען מיינען, אַז די אויפפיהרונג פון „פּינס ענד נידעלס“ איז געווען אַ צופעליגע זאַך. אָט, עס זיינען געקומען אַ פּאָר מחברים מיט אָנגעשריבענע סקעטשעס. די סקעטשעס זיינען דער מענעדזשמענט פון „לייבאָר סטיידזש“ געפעלען געוואָרען. אָט ווי עס פירט זיך אין טעאַטערס סיי אויף בראָדוויי און סיי אויף סעקאָנד עוועניו, און מען האָט די סקעטשעס אויפגעפירט. ניין, עס איז ניט געווען אַזוי. „פּינס ענד נידעלס“ איז אַ גוטדורכגעטראַכטע און פּלאַנירטע אויפפירונג. מען האָט אויף דעם געאַרבייט און זיך צו דעם געגרייט צוויי יאָר צייט.

לאָמיר הערען וואָס לואיס שייפער, דער עקזעקוטיוו דירעקטאָר פון לייבאָר סטיידזש, האָט צו זאָגען:

„די לייבאָר סטייטדזש“, האָט שייפער געזאָגט, „איז געגרינדעט געוואָרען אין דער צייט פון דער „ניראַ“, ווען די אינטערנעשאַנעל איז פּלוצלונג אויסגעוואַקסען צו אַ פערטעל מיליאָן מיטגלידער, און פאַר דער אינטערנעשאַנאַל האָט זיך אויפגעהויבען אַ פראַגע ווי אַזוי צו באַפרידיגען די קולטורעלע באַדערפעניששען פון אירע מיטגלידער, געבען זיי עטוואָס מיט וואָס זיי זאָלען קענען אויספילען זייער לידיגע צייט און האַלטען זיי גייסטיג צוזאַמען.

„מיר האָבען דאַן געגרינדעט די פאַרשידענע ספּאָרט קלובען, אַ כאָר, אַ מאַנדאָלין אָרקעסטער און אויך אַ דראַמאַטישע גרופּע.

„צום אָנפאַנג זיינען די פאַרשידענע עדיוקיישאָנעל טעטיגקייטען אָנגעפירט געוואָרען אין די העדקוואָדערס פון די פאַרשידענע לאָקאַלען. אָבער אַלס דירעקטאָר פון אָט די טעטיגקייטען האָב איך גלייך איינגעזעהן, אַז עס וואָלט בעסער געווען, אַז מיר זאָלען די אַלע טעטיגקייטען קאָנצענטרירען אין איין פּלאַץ. די אינטערנעשאַנאַל האָט דאַן איבערגענומען דעם פּרינסעס טעאַטער און מיר האָבען געגרינדעט „לייבאָר סטיידזש.

„פאַר מיר האָט זיך דאַן געשטעלט אַ פראַגע, וואָס פאַר אַ סאָרט פּיעסען אויפצופירען? איך האָב דאַן באַזוכט אַ גרויסע צאָל טעאַטערס, דערהויפּט די אַזוי גערופענע „לעפט־ווינג“ טעאַטערס, פּראָפעסיאָנעלע, ווי אַמאַטאָרישע, זיך צוגעקוקט צו דעם וואָס זיי שפּילען, און עס איז מיר ניט געפעלען געוואָרען.

„איך האַלט, דער אַרבייטער איז אַ מענש פּונקט ווי אַלע מענשען, און אַז ער געהט אין אַ טעאַטער, געהט ער דאָרט זיך צו אַמוזירען, ניט ווינען און לאַנגווייליגען זיך. אַן אַרבייטער וועט ניט געהן אין אַ לייבאָר טעאַטער בלויז צוליב דעם וואָס עס טראָגט דעם נאָמען „לייבאָר סטיידזש“. אויב מען וועט אים אין אַ לייבאָר טעאַטער געבען אַ נודנע, טויט־ערנסטע און אומעדיגע זאַך, וועט ער אַהין ניט געהן.

„מיר האָבען אַמאָל, אין די ערשטע מאָנאַטען פון לייבאָר סטיידזש געהאַט אַזאַ ערפאַרונג, דערציילט שייפער, מיט אַ דעלעגאַציע פון אינטערנעשאַנאַל מעמבערס פון אַלענטאַון, פּענסילווייניאַ, וועלכע איז געקומען אויף אַ באַזוך אין ניו יאָרק. מיר האָבען דער דעלעגאַציע געוואָלט אַביסעל אַמוזירען און מיר האָבען פאַר זיי אָנגעגרייט פערציג אומזיסטע טיקעטס פאַר אַן אַרבייטער פּיעסע אין אַ בראָדווייער טעאַטער. אויף מאָרגען האָבען מיר אויסגעפונען, אַז בלויז פערצען פון די פערציג זיינען געקומען זעהן די פּיעסע. אויף מיין פראַגע צו די איבעריגע, פאַרוואָס זיי זיינען ניט געקומען זעהן די פּיעסע? — האָבען זיי מיר פּראָסט און פּשוט געענטפערט, אַז זיי האָבען זיך געוואָלט אַביסעל אַמוזירען, האָבען זיי געקויפט טיקעטס צו אַ פאָרשטעלונג וואו מען קען זיך אַמוזירען.

„דאָס האָט מיר איבערצייגט, זאָגט שייפער, אַז אַ לייבאָר טעאַטער טאָר ניט זיין לאַנגווייליג און מוז קודם כל זיין אי אינטערעסאַנט און אי אַמוזירענד און שיין. דאַן איז ביי מיר באַשאַפען געוואָרען דער געדאַנק וועגען אַזאַ מין רעוויו ווי „פּינס ענד נידעלס“.

„מיר האָבען דאַן אָנגעהויבען זוכען און נישטערען און צוזאַמענשטעלען אַזאַ מין רעוויו און מיר האָבען געהאַט גענוג טראָבעל און שוועריגקייטען עס צוזאַמענצוברענגען. מיר האָבען געוואָלט צוזאַמענשטעלען טאַקע אַ לעבעדיגען פרעהלאַכען רעוויו, אָבער וואָס זאָל טראָגען אי אַן אַרבייטער און אי אַ סאָציאַלען כאַראַקטער, און דאַ האָבען זיך אָנגעהויבען די צרות, ווייל די רעגולערע בראָדווייער רעוויו שרייבער קענען ניט די אַרבייטער באַוועגונג און דעם לעבען, די פּסיכאָלאָגיע פון די אַרבייטער. ווידער, די אַזוי גערופענע „לעפט ווינג“ שרייבער קענען ניט די טעכניק פון רעוויוס, און מיר האָבען געהאַט גענוג שוועריגקייטען ביז מיר האָבען געקראָגען די ריכטיגע צוגעפּאַסטע סקעטשעס, ליריקס און מוזיק פאַר דעם רעוויו. איינמאָל האָט איינער פאַר מיר פאָרגעשטעלט העראָלד בענוש. ראָם. איך האָב איינגעזעהן, אַז ער האָט די ריכטיגע „גודס“ און מיר האָבען זיך גענומען צו דער אַרבייט. מיר האָבען פאַר דעם רעוויו אויסגעפּרובירט אַלערליי נעמען. מיר האָבען עס אָנגערופען „לייבאָר פאַרליעס“, „הוקס ענד אייס“, „שירס ענד טימבעלס“, ביז מאַקס דעניש האָט פאָרגעשלאָגען דעם נאָמען „פּינס ענד נידעלס“.

„האָט זיך דאַן אָנגעהויבען אַ טראָבעל מיט צוזאַמענשטעלען אַ טרופּע פאַר דעם צוועק. דער קעסט פון דער אינטערנעשנעל דראַמאַטישער גרופּע האָט רעוואָלטירט און ערקלערט, אַז זיי וועלען ניט שפּילען אין עפּעס אַ מרזיקאַלישער מאַכערייקע, זיי ווילען נאָר שפּילען אין אַן אמת'ער פּראָלעטאַרישער פּיעסע. נו, האָט מיר געקאָסט גענוג צייט און מיה ביז איך האָב זיי איבערצייגט, אַז אַ מוזיקאַלישער רעוויו קען זיין פּונקט אַזוי גוט פּראָלעטאַריש ווי אַ נודנע דראַמע. צום אָנפאַנג האָבען זיי פון דעם ניט געוואָלט זעהן און הערען. זיי האָבען געסטראַשעט מיט אַ סטרייק און עס האָט אי מיר און אי פילע פון די יוניאָן פירער גענומען גענוג צייט און מיה ביז מיר האָבען זיי איבערצייגט אַז מיין שטאַנדפּונקט איז אַ ריכטיגער.

„פאַר מאָנאַטען לאַנג האָבען מיר מיט דער טרופּע איינגעשטודירט דעם רעוויו. נאָכדעם האָט פּאַסירט דאָס אין זומער 1936 האָט אַ גרופּע פון פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרען, וואָס האָט זיך גערופען די „קאָנטעמפּאָרערי פּלייערס“, געבעטען איך זאָל זיי געבען אויפפירען דעם רעוויו „פּינס ענד נידעלס“. זיי האָבען עס געשפּילט איין מאָל אין אַ בראָדווייער טעאַטער און עס האָט געמאַכט אַ פורור. דאָס האָט מיר איבערצייגט אַז „פּינס ענד נידעלס“ האָט די ריכטיגע שטאָף. יענע איינציגע אויפפירונג פון „פּינס ענד נידעלס“ איז געווען אַזוי ערפאָלגרייך, אַז איניגע בראָדווייער פּראָדיוסערס האָבען זיך צו מיר געווענדעט מיט אַ פאָרשלאַג עס אויפצופירען אין אַ גרויסען בראָדווייער טעאַטער. אָבער איך האָב זיי עס אָנטזאָגט. איך בין געווען איבערצייגט אַז אויב עס איז גוט פאַר זיי איז עס גוט פאַר'ן לייבאָר סטיידזש. מיר האָבען געמאַכט נאָך און נאָך רעפּעטיציעס און פּראָבען. אין צווישען צייט האָבען מיר לעצטען יאָר אויפגעפירט די אַרבייטער פּיעסע „שטאָל“ און דעם יאָר האָבען מיר ענדליך אויפגעפירט „פּינס ענד נידעלס“ און איר זעהט דאָך וואָס פאַר אַן ערפאָלג דאָס האָט“, — האָט שייפער פאַרענדיגט זיין געשפּרעך.

ווי מיר זעהען, אַלזאָ, איז דער ערפאָלג פון „פּינס

---

וואָק... מאַשינען... פאַבריק... דאָרף... שטילקייט. ער פיהלט אַז עס איז אַזאַ לאַסט צו לעבען. איצט איז שוין גאָר ניטאָ. ער קען זיינע אויגען ניט אָפּרייסען פון וואַסער. ער איז אַזוי מיד. ער זיצט אויף דער ערד. די אויגען מידע, די הענט מידע, די ערד איז מיד פון אים. ער דרימלט איין. די נאַכט מאַרשירט איבער אים. עס וועט אַמאָל טאָג ווערען...

אגרימענט איז איבערהויפט ניטא קיין באשטימטער מינימום געהאלט פאר די ארבייטער, עס זאגט זיך בלויז, אז די פירמע פארשפרעכט „צו צאלען אירע ארבייטער ווידזשעס פונקט אזוי הויך אדער העכער ווי מען צאלט ארבייטער פון דעם זעלבן סארט געניטשאפט און פיהיגקייט אין אנדערע אונטערנעמונגען אין דעם געגענד, וואו די פאבריק געפינט זיך". דאס הייסט, אז די שכירות וועלען זיין פארשידען אין די פארשידענע פאבריקען; וועלען קענען געענדערט ווערען, העכער אדער נידעריגער מיט'ן שטייגען אדער פאלען פון די שכירות אין די אפען־שעפער אין דעם געגענד, און פארפליכטעט פאקטיש די קאמפאני ניט צו קיינע באשטימטע באדינגונגען אויסער די וואס זי האט פרייוויליג געגעבען אירע ארבייטער אידער זיי האבען זיך אנגעשלאסען אן דער יוניאן.

דזשיימס דזש. מאטלעס, דירעקטאר פון דעם ארגאניזאציאנס קאמפיין פון דער יוניאן, האט אפילו באצייכענט דעם אגרימענט אלס בעסער ווי דער וואס די שטאל ארבייטער האבען געקראגען. מעגליך, אז עס איז אין דעם זינען, וואס דא האט די יוניאן געקראגען דאס רעכט צו פארטרעטען אלע ארבייטער פון א פאבריק, אויך די וואס באלאנגען ניט צו דער יוניאן און אין דעם שטאל אגרימענט קען די יוניאן פארטרעטען בלויז אירע מיטגלידער. וואס אנבאלאנגט אבער דעם גייסט פון דעם אגרימענט און דער וועג ווי אזוי ער איז דערגרייכט געווארען איז דוכט זיך דער שטאל אגרימענט מיט אלע זיינע חסרונות פיל העכער פון א יוניאן שטאנדפונקט.

## אינטערנעשאנעל פון „יוטיליטי" ארבייטער ארגאניזירט

דעם מאנאט האט די סי. אי. א. ארגאניזירט א נייע אינטערנעשאנאל יוניאן פון די ארבייטער, וואס ווערען באשעפטיגט אין די עלעקטרישע סטאנציעס, וואס באזארגען די באפעלקערונג מיט עלעקטרישע ליכט און קראפט. אין דער אינדוסטריע ווערען אין אמעריקע באשעפטיגט ארום צוויי הונדערט טויזענט ארבייטער, וועלכע די נייע יוניאן וועט זיך נעמען ארגאניזירען.

דער קערען פון וועלכע די נייע אינטערנעשאנאל יוניאן ווערט צוזאמענגעשטעלט, זיינען די 15,000 ארבייטער פון דער אינדוסטרי, וואס זיינען שוין ארגאניזירט אין לאקאלס פון דער „יונייטעד עלעקטריק און ראדיא ארבייטער יוניאן". די ארבייטער זיינען ארגאניזירט אין 57 לאקאלס און האבען אגרימענטס מיט 26 עלעקטריק קאמפאניס, מערסטענס אין די מעריב־שטאטען.

דאס מערקווירדיגסטע פון דעם איז דאס וואס אין דעם פאל, איז די סי. אי. א. צום ערשטען מאל אפגעטראטען פון איר פרינציפ פון אינדוסטריעלען יוניאניזם, ארגאניזירענדיג א באזונדער יוניאן אין דעם עלעקטרישען פעלד אין וועלכער עס פונקציאנירט שוין איין יוניאן. די פירער האבען א פנים געפונען פאר נויטיג אין דעם פאל אפצוטיילען די ארבייטער, וואס ווערען באשעפטיגט אין בויען די מאשינען און אפאראטען און די וואס ווערען באשעפטיגט ביים באטרייבען זיי, ווייל די באדינגונגען און אומשטענדען אין די צוויי אפטיילונגען זיינען פארשידען.

מיט דעם טשארטערען די יוניאן, איז צוגעקומען נאך א געביט, וואו עס וועט אנגעפירט ווערען א שארפער קאמף צווישען יוניאנס פון דער א. פ. או ל. און פון דער סי. אי. א. די נייע יוניאן ארבייט אין אן אינדוסטרי אויף וועלכער עס קלעימען יוריסדיקציע די עלעקטרישענס יוניאן, די סטיישאנערי אינדזשינירס און פייערמענס יוניאן און נאך עטליכע פאך אינטערנעשאנאלס.

## אוטאמאביל ארבייטער יוניאן האט עטלאכע ערפאלגען

די אוטאמאביל ארבייטער יוניאן האט דעם מאנאט פארצייכענט עטליכע ערפאלגען, כאטש ניט גרויס אין דער צאל מיטגלידער, וואס עס זיינען צוגעקומען אין פארגלייך מיט די צאל מיטגלידער, וואס די אוטאמאביל יוניאן פארמאגט, זיינען זיי דאך אויסערגעווינליך וויכטיג.

אין דעם פאל פון דער „זעניט מעטאל קארפארײשאן" פון אינדיאנאפאליס, וואו עס איז אנגעגאנגען א קאמף צווישען דער אוטאמאביל ארבייטער יוניאן און דער בראדערהוד אוו מאשיניסטס, האט די לעיבאר רילעישאנס באארד ארויסגעגעבען אן ענטשיידונג, אז דער קלאוזד שאפ אגרימענט, וואס די פירמע האט געשלאסען מיט דער מאשיניסטען יוניאן איז אומגעזעצליך און די פירמע מוז אנערקענען די אויטאמאביל ארבייטער יוניאן אלס די פארטרעטערין פון אירע ארבייטער, מיט דער אויסנאמע פון א פאר פאכען, ווי די מעטאל פאלישערס, פלעיטערס און די אפיס אנגעשטעלטע.

די „סאסייטי אוו דעזיינינג אינדזשינירס" אן אונאפהענגיגע קערפערשאפט פון ארום 2,000 אינזשינירען און דרעפטסמען, וועלכע ווערען מערסטענס באשעפטיגט אין דער אוטאמאביל אינדוסטרי, האבען נאך אן אפשטימונג באשלאסען זיך אנצושליסען אן דער פעדעריישאן אוו ארכיטעקט ענד טעקנישענס פון דער סי. אי. א. די ראליע פון דעם קלאס ארבייטער אין דער אינדוסטרי איז אונגעהייער און וועט זיכער פיל פארשטארקען די מאכט פון דער יוניאן ווען עס זאל קומען צו א קאמף.

די אוטאמאביל יוניאן האט אפילו געוואלט, אז די דעזיינערס זאלען זיך אנשליסען דירעקט אן דער אוטאמאביל ארבייטער יוניאן. דאס אבער האבען זיי זיך ענטזאגט און די יוניאן האט איינגעשטימט אויפצוגעבען איר יוריסדיקציע אויף די דעזיינערס און זיי לאזען זיך אנשליסען אן זייערע פאך־קאלעגען. אין דעם פאל, ווי אין דעם פאל פון די „יוטיליטי" ארבייטער, וועלכע מיר האבען פריער דערמאנט האט די פראקטישע נויט גענומען די אויבערהאנט איבער דעם פרינציפ פון אינדוסטריעלען יוניאניזם, און אין דעם פאל איז עס אין א מאסען פראדוקציע אינדוסטרי.

דער קאמף געגען דער פארד מאטאר קאמפאני ווערט פארגעזעצט און ווי עס וויזט אויס, מיט גאנץ גוטע רעזולטאטען, כאטש פון אויבען אויף זעט זיך עס ניט אן. אין דעם פארד פלענט אין עדזשוואטער, ניו דזשוירזי, האט מען אפגעלייגט טויזענט בעל מלאכות, ארום א דריטעל פון דער גאנצער צאל, וואס ארבייט דארט. די יוניאן פירער באהויפטען, אז דאס איז געטאן געווארען אום אפצושרעקען די ארבייטער פון אנשליסען זיך אן דער יוניאן. אין אלגעמיין קוקט עס אויס, אז די יוניאן וארט בלויז, אז די ארבייט אין די פאבריקען זאל זיך ווידער אנהויבען און מען מעג דערווארטען דארט אן ענערגישען קאמף.

## לאנגשארמען סטרייק אין פארטאריקא געסעטלט

דער סטרייק פון די לאנגשארמען אין פארטאריקא, וועלכער האט פאראליזירט דעם גאנצען שיף פארקער פון דעם אינזעל פאר א משך פון 6 וואכען, איז דעם מאנאט געסעטעלט געווארען מיט א פולען געווינס פאר די ארבייטער. דער סעטעלמענט איז דערגרייכט געווארען דורך דער פאמיטלונג פון גאווערנאר בלאנטאן ה. ווינטראפ פון דעם אינזעל. די ארבייטער האבען געקראגען גלייך אן העכערונג פון 25 פראצענט אויף זייערע שכירות, פון 32 סענט אויף פערציג סענט א שטונדע. די פראגע אבער פון באשטימען די שכירות ווערט איבערגעגעבען צו א באארד אוו ארביטריישאן צו באשטימען און וועלכע וועט זיין בינדענד אויף ביידע צדדים.

דורך דער צייט פון דעם סטרייק איז כמעט דאס גאנצע עקאנאמישע און אינדוסטריעלער לעבען אויפן אינזעל אפגעשטעלט געווארען. די ביסעל אינדוסטריס וואס דער אינזעל האט, זיינען אפהענגיג אן רוי מאטעריאל, וואס ווערען געבראכט און אויף דאס ארויספירען פון די פארטיגע סחורה. אפילו די עסענווארג אויפ'ן אינזעל ווערט אריינגעפירט פון אמעריקע און דער סטרייק האט עס אלעס אפגעשטעלט.

דאס אינטערעסאנטע אין דעם סטרייק איז געוועזען די פאלשטענדיגע הארמאני און צוזאמענארבייט פון דער א. פ. או ל. ארגאניזאציע און דער סי. אי. א. די רעזולטאטען באווייזען, וואס עס קען אויפגעטאן ווערען ווען אין די ארבייטער רייען הערשט אייניגקייט.

## וויכטיגע ענטשיידונגען פון דער נעשאנעל לייבאר רילײשאנס באארד

די נעשאנאל לעיבאר רילעישאנס באארד האט דעם מאנאט ארויסגעגעבען א צאל זייער וויכטיגע ענטשיידונגען פאר די ארבייטער און איז ארויס זיגרייך דורך א וויכטיגער געריכט ענטשיידונג.

אין דעם פאל פון די דריי ניו יארקער שיף בוי קאמפאניס געגען וועלכע די יוניאנס האבען אנגעפירט איינעם פון די ביטערסטע סטרייקס לעצטען זומער און איז געצוואונגען געווען דעם סטרייק צוריקרופען נאך 9 וואכען, האט די באארד באפוילען, אז די קאמפאניס מוזען צוריקנעמען אלע סטרייקערס צו דער ארבייט און זיי צאלען שכירות פאר דער גאנצער צייט, וואס זיי האבען פארלארען. אזעלכע סטרייקער זיינען פאראן ארום 1200.

א סטרייק, וואס האט געדויערט 27 מאנאטען אין א שוך פאבריק אין ווינסענע, אינדיאנא, איז געסעטלט געווארען דורך דער באארד, ווען ביידע צדדים האבען צוגעשטימט איינצוגיין אויף אן אפשטימונג פון די ארבייטער וועגען זייער יוניאן אנגעהעריגקייט. דער וויל האט די קאמפאני איינגעשטימט צו פארהאנדלען מיט פארטרעטער פון דער בוטה און שוה ווארקערס יוניאן וועגען ארבייטס באדינגונגען, צוריקנעמען אלע ענטזאגטע ארבייטער, און באצאלען זיי די סומע פון 4767 דאלאר בעק פעי פאר דער צייט, וואס זיי האבען פארלארען.

די באטרעפענדע קאמפאני, „די בראון שוה קא." איז איינע פון די גרעסטע אין דער אינדוסטרי. זי האט 15 פאבריקען אין פארשידענע שטעט אין דער מיטעל־וועסט און אן אייגענע גרויסע גארבעריי, וואו מען ארבייט אויס לעדער.

אין פאל פון דער פאסטאל טעלעגראף קאמפאני, האט די לעיבאר רילעישאנס באארד ארויסגעגעבען אן ענטשיידונג, אז אין די וואלען צו באשטימען וועלכע יוניאן די ארבייטער ווילען זאל זיי פארטרעטען, וואס די באארד האט געאָרדערט זאלען אויסגעשלאסען ווערען די אלע שטעט און געגענדען, וואו די קאמפאני האט אגרימענטס מיט אמעריקאן פעדעריישאן אוו לעיבאר יוניאנס. די געגענדען זיינען די סטעיטס וואשינגטאן, ארעגאן, מאנטאנא און נארדערן איידאא, און די שטעט באסטאן, אינדיאנאפאליס, קענזעס סיטי, און דזשעקסאנוויל. די סי. אי. א. ריידיא און טעלעגראפערס יוניאן האט פראטעסטירט געגען דער ענטשיידונג און געסטראשעט זיך ניט צו באטייליגען אין די וואלען און רופען סטרייקס, וואו די יוניאן וועט ניט אנערקענט ווערען.

די לעיבאר רילעישאנס באארד, האט געוואונען איר קאמף אין געריכט געגען דער רעמינגטאן רענד קאמפאני, וועלכע האט געבראכען דעם סטרייק פון אירע ארבייטער לעצטעס יאר, און וועלכע האט זיך ענטזאגט אויסצופאלגען דעם באשלוס פון דער באארד צוריקצונעמען אלע סטרייקער און זיי צאלען שכירות פאר דער גאנצער צייט, וואס זיי האבען פארלארען.

דער יונייטעד סטייטס סוירקוט קארט, האט גוטגעהייסען דעם באשלוס פון דער לעיבאר באארד מיט צוויי מינדערוויכטיגע אויסנאמען. אנשטאט דרייסיג ארבייטער זאלען קריגען בעק־פעי האט דער געריכט באוויליגט בלויז צו 28 ארבייטער בעק פעי, און האט אויך צוריקגעוויזען דעם באפעל, אז די קאמפאני זאל מוזען אויפלעזען די צוויי קאמפאני יוניאנס, וואס זי האט ארגאניזירט. דער געריכט האט גע'פסקנ'ט, אז אלץ וואס מען קען פארלאנגען פון דער פירמע, איז זי זאל ניט העלפען און ניט פינאנסירען די קאמפאני יוניאנס.

## רעקעטס הויבען אן צו פארנעמען דעם פלאץ פון די קאמפאני יוניאנס

זינט דער וואגנער־געזעץ איז דערקלערט געווארען קאנסטיטוציאנעל און צוליב דעם זיינען די קאמפאני־יוניאנס געווארען אומגעזעצליך, האבען די פארביסענע באסעס זיך גענומען באשאפען אן אנדער סארט רעקעט, וואס זאל פארנעמען דעם פלאץ פון די באסישע מאכערײקעס און זאלען פונדעסטוועגען זיין אין די ראמען פון געזעץ. דער מיטעל דערצו איז ארגאניזירען כלומרשט אומאפהענגיגע יוניאנס, וועלכע זאלען באלאנגען צו קיינע פון די טרייד יוניאן קערפערשאפטען. אט דער סקים שיינט צו אנהויבען טראגען ביטערע פרוכט און די יוניאנס וועלען מוזען זיך ערנסט פארטראכטען ווי אזוי צו באקעמפען די נייע מגפה.

צוויי אזעלכע פאלען זיינען איצט פארגעקומען אין ניו יארק. אין ברוקלין האט זיך באוויזען פלוצלונג אזא מין „נייע יוניאן" פון בוי־ארבייטער. זי רופט זיך „אינטערנעשאנעל בראדערהוד אוו בילדינג טריידס יוניאנס" און די רענוואלט קאנסטראקשאן קאמפאני באשעפטיגט די חברה אויף א געביידע. די יוניאנס פון די בוי־ארבייטער פון דער א. פ. או ל. פיקעטען דעם פלאץ און די כלומרשטע יוניאן האט זיך געווענדעט אין געריכט נאך אן אינדזשאנקשאן געגען דעם בילדינג טריידס קאונסיל און די אנגעשלאסענע יוניאנס אז מען זאל זיי פארבאטען

# אין דער אמעריקאנער ארבייטער־באוועגונג

(איבערזיכט)

פון ש. פ.

דורך דעם פארגאנגענעם מאנאט זיינען פארגעקומען פיל וויט גרייכענדע געשעענישען אין דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג, וועלכע וועלען איבערלאזען זייער שטעמפעל אויף איר געשיכטע פאר לאנגע, לאנגע יארען. פארשטייט זיך, ניט אלע פאסירונגען זיינען גוטע און נוצליכע, מאנכע פון זיי וועלען א שטויס טאן די ארבייטער באוועגונג פאראויס אויפ'ן וועג פון וויטערע דערגרייכונגען און געווינסען. אנדערע ווידער וועלען שטערען און צוריקהאלטען וויטערען פראגרעס פאר א צייט. אין זאך אבער האבען די פאסירונגען אויפגעטאן, זיי האבען קלערער אויפגעדעקט די לאגע און באוויזען וואס מען קען ערווארטען און די ריכטונג אין וועלכער מען דארף זיך פארקירעווען אויסצונוצען די איצטיגע מעגליכקייטען פאר דער פארשטארקונג פון די יוניאנס.

**אנהענגער פון קריג און פרידען אין דער טרייד־יוניאן באוועגונג ראנגלען זיך אין ביידע לאגערען**

ווען מיר האבען געשריבען דעם איבערזיכט אין לעצטען נומער „גערעכטיגקייט", זיינען נאך אנגעגאנגען די פארזאמלונגען פון די צוויי צדדים אין דעם קאמף, אין וועמעס הענט עס איז געלעגען דער שיקזאל פון דער טרייד יוניאן באוועגונג — די קאנווענשאן פון דער יונייטעד מיין ווארקערס יוניאן אין וואשינגטאן און די זיצונג פון עקזעקוטיוו קאונסיל פון דער אמעריקען פעדערײשאן אוו לייבאר אין מיאמי, פלארידא. פון ביידע פלעצער האבען זיך ארומגעטראגען אלארמירענדע קלאנגען וועגען אן ענטשידענעם ברוך צווישען די צוויי לאגערען און א פארשארפטען קאמף ביז ארונטער. די מיינערס קאנווענשאן, האט עס געהייסען, וועט אויסשליסען פרעזידענט וויליאם גרין, וועלכער איז א מיטגליד אין דער מיינערס יוניאן; דער קאונסיל ווידער וועט אויסשליסען די גרעסטע יוניאנס פון דער סי. אי. א. פון דער פעדערײשאן און איבעררייסען די לעצטע פעדים וואס האלטען נאך צוזאמען די ביידע טיילען פון דער טרייד־יוניאן באוועגונג. אויסגעלאזען האט זיך אז ביידע צדדים זיינען געווען פיל מעסיגער ווי מען האט ערווארטעט און אן ענדגילטיגער ברוך איז פארלויפיג אויסגעמידען געווארען. די מיינערס קאנווענשאן האט גרינען ניט אויסגעשלאסען, נאר האט אטאריזירט דער גענעראל עקזעקוטיווע באארד פון זייער יוניאן אים צו משפט'ען ווען זיי וועלען עס געפינען פאר נויטיג, לויט די האנדלונגען פון דער קאנווענשאן, איז עס געטאן געווארען ניט דערפאר ווייל די פירער האבען געהאלט פארמיידען א ברוך אין דער ארבייטער באוועגונג, נאר גיכער ווייל זיי האבען, אויס טאקטישע מאטיווען, פארגעצויגען צו פראוואצירען דער אמעריקען פעדערײשאן אוו לייבאר צו מאכען דעם ערשטען שריט און נעמען אויף זיך די פאראנטווארטליכקייט פון דער שפאלטונג. זיי האבען דעריבער טאקע גרינען ניט אויסגעשלאסען, האבען אבער ארויסגעווארפען פון זייער קאנסטיטוציע יעדע דערמאנונג פון דער אמעריקען פעדערײשאן אוו לייבאר און אנשטאט דעם אריינגעשטעלט די ווערטער סי. אי. א. דערמיט האבען זיי פאקטיש זיך אליין אויסגעשלאסען פון דער פעדערײשאן, כאטש זיי האבען עס ניט אויסגעדריקט אויף אן אפיציעלען אופן.

דער עקזעקוטיוו קאונסיל ווידער, וואו עס איז, ווייזט אויס, הינטער די קוליסען אנגעגאנגען א שארפער קאמף צווישען די מעסיגע עלעמענטען, וועלכע האבען געזוכט צו פארמיידען א פארשארפטען קאמף און די „דיי־הארדס", וואס האבען געוואלט אז אלע סי. אי. א. אינטערנעשאנעלס זאלען גלייך אויסגעשלאסען ווערען, האבען זיך באנוצט מיט דער האנדלונג פון דער מיינערס יוניאן און האבען אויסגעשלאסען די מיינערס און צוויי קלענערע יוניאנס, די פלעט גלעס ארבייטער און די סמעלטערס יוניאן, די לעצטע צוויי וואהרשיינליך צוליב דעם עפעקט, ווייל צו זיי האט אייגענטליך די פעדערײשאן ניט געוואט מער קריוודעס ווי צו די אנדערע ניין יוניאנס וואס זיינען אריבער צו דער סי. אי. א. דער קאונסיל האט אבער ניט אויסגעשלאסען די אנדערע יוניאנס וועלכע זיינען פיל אקטיווער און פון גרעסערער באדייטונג פאר דער באוועגונג. אפילו די אמאלגאמייטעד, וועלכע אלע האבען גערעכענט אז זי וועט זיין די ערשטע אויסגעשלאסען צו ווערען, האט מען ניט געטשעפעט.

דערווייל איז עס ביי דעם געבליבען. ביידע צדדים האבען זיך איבערגעשאסען מיט ווערטער־גראנאטען, ביטערע רעדעס און אטאקעס פון איין צד אויפ'ן צווייטען, האבען זיך אבער צוריקגעהאלטען פון אננעמען דראסטישע מיטלען. פון פארשידענע זייטען ווידער ווערען אנגעמיטלען. האלטען די פארזוכען צוזאמענצוברענגען די צוויי צדדים און אנהויבען נייע פרידענס פארהאנדלונגען. מען האט גערעדט וועגען דער דירעקטער אריינמישונג פון דער רעגירונג אין א פארזוך צו ברענגען פרידען. באוועגונגען פאנגען זיך אויך אן אין די יוניאנס פון דער אמעריקען פעדערײשאן אוו לייבאר און דער סי. אי. א. פאר דעם צוועק. די אמעריקען פעדערײשאן אוו טיטשערס רופט א געמיינשאפטליכע קאנפערענץ פון יוניאנס אין ניו יארק פאר דעם צוועלפטען מערץ אויסצוארבייטען פלענער פאר פרידען אין די יוניאנס. עס זיינען דערווייל נישטא קיין אויסזיכטען, אז עס זאל באלד אפגעשטעלט ווערען דער קאמף. די באוועגונג קריסטאליזירט זיך אבער און וועט סוף כל סוף האבען די נויטיגע ווירקונג.

**אגרימענט אין דער שטאל אינדוסטריע באנייט**

דורך דעם פארגאנגענעם מאנאט האט די שטאל ארבייטער ארגאניזאציאנס קאמיטע פון דער סי. אי. א. באנייט די אגרימענטס מיט דער יונייטעד סטייטס סטיל קארפארײשאן און א צאל קלענערע קאמפאניס. די אלטע אגרימענטס זיינען אויסגעגאנגען דעם 26טען פעברואר. באנייט געווארען זיינען די אגרימענטס פאקטיש אויף די זעלביגע באדינגונגען וואס עס האבען ענטהאלטען די אלטע אגרימענטס. א 40 שטונדיגע ארבייטס וואך; א מינימום געהאלט פון 5 דאלער א טאג; די אנערקענונג פון דער יוניאן אלס פארהאנדלונגס אגענטור פאר אירע מיטגלידער; געוויסע סעניארימי רעכט פאר די מיטגלידער און מאשינערי צו שליכטען סכסוכים וואס וועלן ענטשטיין. די אלע פונקטען ענטהאלט אויך דער נייער אגרימענט פון דער „יו. עס. סטיל קא." עס איז אבער אין דעם אגרימענט געמאכט געווארען איין איינציגע ענדערונג, וועלכע איז ניט זייער גינסטיג פאר דער יוניאן אונטער די איצטיגע אומשטענדען. דער נייער אגרימענט איז ניט פאר א באשטימטען פעריאד, ווי עס איז געווען דער אלטער אגרימענט און ווי כמעט אלע אנדערע יוניאן אגרימענטס ווערען געשלאסען, נאר פאר אן אומבאשטימטער צייט. יעדער צד, סיי די יוניאן און סיי די ארבייטסגעבער האבען צו יעדער צייט דאס רעכט צו געבען דעם צווייטען צד צען טעג נאטיס אז זיי פארלאנגען ענדערונגען אין אגרימענט, און אויב זיי קענען זיך ניט איינגיגען אין משך פון צען טעג, ווערט דער אגרימענט בטל. דאס מיינט, אין אנדערע ווערטער, דער אגרימענט קען אפגעבראכען ווערען צו יעדער צייט געזעצליך אין משך פון דריי וואכען.

איז אין אן אינדוסטרי וואו די יוניאן איז פעסט איינגעפונדעוועט און די עקאנאמישע אויסזיכטען זיינען גוטע, אזא אראנדזשמענט גאר ניט שלעכט פאר די ארבייטער. אנשטאט צו זיין געבונדען דורך דעם אגרימענט פאר א באשטימטער צייט צו די זעלביגע ארבייטסבאדינגונגען און שכירות, איז די יוניאן פריי ביי א גינסטיגער געלעגענהייט צו פאדערען פארבעסערונגען, און קעמפען דערפאר אויב זי קען עס ניט קריגען מיט גרטען. די לאגע אין דער שטאל אינדוסטריע איז אבער ווייט ניט אזא גוטע פאר די ארבייטער און די אויסזיכטען זיינען אויך ניט באזונדערס גינסטיגע פאר דער נאהענטער צוקונפט. די שטאל ארבייטער יוניאן, אין איר איצטיגער גרויס איז א פארהעלטניסמעסיג זייער יונגע ארגאניזאציע. פאר אזא יוניאן איז נויטיג מער צייט פון רו און זיכערקייט צו קענען זיך איינווארצלען און ענטוויקלען. מיט אן אגרימענט וואו מען איז קיין מאל ניט זיכער פאר די נעקסטע דריי וואכען אויב עס עס וועט ניט ארויפגעצוואונגען ווערען אויף איר א קאמף, קען די יוניאן אט די נויטיגע זיכערקייט ניט האבען. דערצו נאך זיינען די אויסזיכטען פאר די ארבייטער אין דער אינדוסטריע אין דער נאהענטער צוקונפט גאר ניט קיין גלענצענדע. די ארבייטסלאזיגקייט צווישען זיי איז איצט אונגעהייער גרויס. דערצו נאך ווערען מיט'ן גרעסטען אימפעט אריינגעשטעלט נייע אויטאמאטישע מאשינען, וואס וועלען ארויסווארפען נאך צענדליגער טויזענטער ארבייטער פון דער אינדוסטרי. אין אזא צייט איז פיל געזינטער פאר די ארבייטער צו זיין פארזיכערט מער ווייניגער מיט זייערע באדינגונגען פאר א באשטימטער צייט דורך אן אגרימענט.

וואס העלפט עס אבער, וואס עס וואלט געווען בעסער, ווען מען קען עס ניט קריגען. דער אמת איז, אז אין פילע קרייזען האט מען שטארק מורא געהאט אז דער שטאל טראסט וועט זיך אפשר אין גאנצען אנטזאגען צו באנייען דעם אגרימענט אדער גאר מאכען א פארזוך צו שניידען די שכירות. די רעססיע און די ארבייטסלאזיגקייט וואס עס הערשט איצט אין דער אינדוסטריע האט די פאזיציע פון די באלעבאטים פיל פארשטארקט. ווען עס איז דעריבער געקומען די נייעס אז דער אגרימענט איז באנייט געווארען אויף די זעלביגע באדינגונגען מיט דעם איינציגען אויסנאם וואס עס איז אהן א טערמין, האבען אלע פריינד פון דער ארבייטער באוועגונג פרייער אפגעצויגען דעם אטעם.

אויסער די „יונייטעד סטייטס סטיל קארפארײשאן" האט די יוניאן אויך באנייט די אגרימענטס מיט א באדייטענדער צאל אינדעפענדענט פירמעס. מיט יענע איז דער אגרימענט געשלאסען געווארען פאר איין יאר ביז'ן סוף 1938. מיט א צאל פירמעס געהען נאך אן אונטערהאנדלונגען. קיינער ערווארטעט אבער ניט קיין ערנסטע שוועריגקייטען מיט די קלענערע פירמעס. נאכפאלגענדיג די פירערשאפט פון דער גרעסטער שטאל פירמע אין די פאראייניגטע שטאטען, וועלען זיי אלע וואהרשיינליך באנייען זייערע אגרימענטס אהן שוועריגקייטען.

עס טראגען זיך אויך ארום גאנץ באגרינדעטע קלאגען, אז אויך די גרעסערע אינדעפענדענט שטאל פירמעס געגען וועלכע דער סטרייק איז לעצטעס יאר געבראכען געווארען, וועלען אין דער נאהענטער צוקונפט דערגרייכען א פארשטענדיגונג מיט דער יוניאן. פיליפ מארעי האט שוין אפילו איין מאל געמאכט א סטייטמענט, אז צוויי סאבסידיעריס פון דער „נעשאנעל", די בעטלעהעם און די גרייט לעיקס, האבען אנערקענט יוניאן קאמיטעס. די פירמעס האבען עס אבער געלייקענט.

**עלעקטריק און ראדיא יוניאן שרייבט אונטער אגרימענט מיט דער דזשענעראל עלעקטריק קא.**

אן איבערראשענדע נייעס איז דעם מאנאט געקומען ווען עס איז אנאנסירט געווארען, אז די דזשענעראל עלעקטריק קאמפאני, די גרעסטע פירמע, וואס פראדוצירט עלעקטרישע מאשינען און אפאראטען האט אונטערגעשריבען אן אגרימענט מיט דער יונייטעד עלעקטריקעל און ראדיא ארבייטער יוניאן פון דער סי. אי. א. די קאמפאני האט 20 פאבריקען אין פארשיידענע שטעט איבערן לאנד און באשעפטיגט איצט ארום 60,000 ארבייטער.

כאטש דער אגרימענט איז א נאציאנאלער וועט ער אבער ניט גלייך אריין אין קראפט אין אלע פאבריקען פון דער קאמפאני. דער אגרימענט לויטעט, אז אין יעדע פאבריק, וואו די יוניאן קען באווייזען, אז זי פארטרעט א מאיאריטעט פון די ארבייטער, וועט די קאמפאני זי אנערקענען אלס די איינציגע אגענטור צו פארהאנדלען און פארטרעטען אלע ארבייטער אין דער פאבריק. אויב אבער אן אנדער יוניאן זאל קריגען א מאיאריטעט פון די ארבייטער אין איינער פון די פאבריקען, וועט די קאמפאני אנערקענען יענע יוניאן און וועט מיר איר פארהאנדלען. פארלויפיג זיינען דא 5 פאבריקען, וואס די קאמפאני אנערקענט, אז די סי. אי. א. יוניאן האט דארט א מאיאריטעט פון די ארבייטער און פאר זיי גייט דער אגרימענט אריין אין קראפט אזוי שנעל ווי די ארבייטער וועלען עס גוט הייסען. די פאבריקען זיינען: די פון סקענעקטעדי, ניו יארק; לין און וועסט לין, מאסאטשוזעטס; ברידזשפארט קאנעטיקוט און ניו קענזינגטאן פענסילווייניע. אין די 5 פאבריקען ווערען באשעפטיגט ארום 27 טויזענט ארבייטער.

אין די באדינגונגען, וואס דער אגרימענט ענטהאלט, איז עס דוכט זיך דער ערשטער און איינציגער אגרימענט פון דעם סארט אין דער געשיכטע פון דער טרייד יוניאן באוועגונג. די ארבייטס שטונדען און שכירות בלייבען די זעלבע ווי געווען, דאס זעלבע מיט אלע אנדערע ארבייטס באדינגונגען. אין דעם אגרימענט זיינען איינפאך איבערגעשריבען די באדינגונגען, וואס די קאמפאני האט פאראפענטליכט פיס איניגע מאנאטען צוריק פאר די ארבייטער. אין דעם

באליידיגונג (מיר גיבען אייך געלט, דארפט איהר אונז דערפאר אפדינען!), אי א גרויסע סכנה פאר זייער פאליטישער און אידעאלאגישער אומאפהענגיקייט. זיי גלויבען, אז די קריטיק פון דער סטאלין־דיקטאטור אין רוסלאנד, אפילו ווען זי ווערט געמאכט פון אויפריכטיגע פריינט פון דער רוסישער רעוואלוציע און פון רוסישען ארבייטער קלאס, וועט פון די סטאלין קאמוניסטען אויסגעטייטש ווערען אלס פראפאגאנדע געגען סאוועטען פארבאנד. און פון דער דאזיגער קריטיק ווילען זיי זיך ניט אפזאגען. זיי האלטען, דאס ווי שטארק די ארגאניזירטע ארבייטער זאלען ניט שטיצען סאוועט רוסלאנד, טארען זיי זיך ניט אפזאגען פון זייער רעכט צו קריטיקירען די טעראר מעטאדען פון דיקטאטור.

און ווייל זייער פרייהייט און אונאפהענגיגקייט איז זיי טייער, האבען זיי ערקלערט דעם אגרימענט מיט מאסקווע פאר „ניט אננעמבאר" און רעקאמענדירט אים צוריקצואוויזען. אגב איז שוין איצט ניטא קיין שום צווייפעל אז דער צוזאמענפאר פון גענעראל־ראט אין אסלא, קומענדען מאי, וועט דעם אפמאך אינגאנצען צוריקוויזען.

דאס קען מען זעהן פון דעם, וואס אזעלכע פראגרעסיווע יוניאנס ווי די צענטראלע קערפערשאפטען פון דער טרייד־יוניאן באוועגונג אין דער שווייץ, אין שוועדען, אין דענמארק, און אין בעלגיע האבען שוין אנגענומען באשלוסען געגען אריינגעמען די סאוועטישע יוניאנס.

דאס האט לעצטענס אויך געטאן דער פארטרעטער פון דער אמעריקען פעדערישאן אוו לייבאר אין טרייד־יוניאן אינטערנאציאנאל, מעטיו וואל.

און כאראקטעריסטיש, וואס ניט בלויז דער קאנסערוואטיווער וואל, נאר אויך די ראדיקאלע פירער פון די דערמאנטע לענדער האבען געווארענט, דאס אויב עס זאל פאסירען דאס אונמעגליכע, און די מאסקווער מלוכה־יוניאנס וועלען אריינגענומען ווערען אין אינטערנאציאנאל, וועלען זיי זיין געצוואונגען צוריקצוציהען זיך פון אים.

לויט אלע צייכענס איז דאס אויך די שטעלונג פון די ענגלישע יוניאנס. א באדייטענדער טייל פון די פראנצויזישע דעלעגאטען וועלען אין אסלא, ווי עס שיינט, פארקערט, שטימען פאר'ן אפמאך. זיי וועלען אבער זיין ווארשיינליך, די איינציגע צו האנדלען אזוי.

## גוטע נייעס אויך פון שפאניע.

די לעצטע פאר וואכען האבען געבראכט באריכטען וואס צייגען, אז אין דעם פייער פון בירגער קריג אין שפאניע ווערט ביסלעכווייז אויסגעשמידט אויך א פאראייניגטער און קלאסענבאוואוסטער ארבייטער קלאס.

דער ערשטער באריכט פון דעם סארט איז געקומען לעצטען מאנאט, נען א דאנק דער באמיהונג פון א קאמיסיע פון טרייד־יוניאן אינטערנאציאנאל האט זיך איינגעגעבען צו ענדיגען די שפאלטונג אין דער „או־כע־טע", אין דער לאנד־צענטראלע פון די אזויגערופענע סאציאליסטישע יוניאנס. די דאזיגע וויכטיגע קערפערשאפט האט קאנטראלירט אין פארלויף פון יאהרען די יוניאנס פון די שפאנישע פראווינצען אויסער קאטאלאניע. אין קאטאלאניע, דאס וויגעלע פון שפאנישען אנארכיזם, האט די גרעסטע מערהייט פון די ארגאניזירטע ארבייטער באלאנגט צו די אזוי גערופענע אנארכא־סינדיקאליסטישע יוניאנס אין זייער אייגענער צענטראלע קערפערשאפט, די „סע־ען־טע".

ווען דער גענעראל סעקרעטאר פון דער „אי־כע־טע", פון דער מעכטיגער לאנד צענטראלע פון די סאציאליסטישע יוניאנס, וועלכער איז גלייכצייטיג אויך געווען דער פרעמיער און קריגס־מיניסטער פון דער לאיאליסטישער רעגירונג, דער לינקער סאציאליסט לארגא קאבאלערא, האט געמוזט רעזיגנירען פון זיין רעגירונגס־אמט, האט זיין אמט אלס פרעמיער פארנומען דער רעכטער סאציאליסט, נעגרין און זיין אמט אלס קריגס־מיניסטער, א צווייטער רעכטער סאציאליסט, — פריעטא.

אונטער קאבאלערא'ס איינפלוס האט די פעדעראציע פון די סאציאליסטישע יוניאנס צוריקגעצויגען איר שטיצע פון דער רעגירונג און דאס האט ביסלעכווייז געפירט דערצו צו דעם, אז די גאנצע פעדעראציע האט זיך געשפאלטען. דאס האט נאטירליך שטארק אפגעשוואכט אי די יוניאנס, אי די רעגירונג. איצט אבער האט זיך די שטימונג פון די ארבייטער און זייער באציהונג צו דער נעגרין־פריעטא רעגירונג אזוי שטארק געענדערט דאס א ריזיגע מערהייט פון די יוניאנס האט אנערקענט דאס די נייע רעגירונג דינט גוט דער רעפובליק און די ארבייטער און זי פארדינט פון זיי געשטיצט צו ווערן.

די געענדערטע שטימונג האט געפירט צו א סוף פון דער שפאלטונג. די פעדעראציע איז ווידער פאראייניגט. אין דער נייער, פאראייניגטער עקזעקוטיווע פון דער פעדעראציע, וואס באשטייט פון 15 מיטגלידער, זיינען אריין 11 אנהענגער פון דער נעגרין־פריעטא ריכטונג און בלויז 4 פון דער קאבאלערא ריכטונג.

די פאראייניגונג איז דורכגעפירט געווארען אויפ'ן באדינג, אז די פאראייניגטע יוניאנס פון דער „אוכע־טע" זאלען לאיאל קאאפערירען מיט דער רעגירונג און ספעציעל אויפפאסען אויף דעם, אז די פאבריצירונג פון וואפען און אמוניציע זאל אנגיין פראדוקטיוו און אומגעשטערט.

נאך אינטערעסאנטער איז א צווייטער באריכט וועגען די אזויגערופענע אנארכא־סינדיקאליסטישע יוניאנס. די עקזעקוטיווע פון זייער „סע־ען־טע" פעדעראציע האט געשטיצט אין א געוויסער מאס די קאבאלערא רעגירונג. זי איז אבער געווען צווישען די וואס האבען, אין די טרויעריגע מאי־שלאכטען פון 1937 אין בארצעלאנא, געקעמפט געגען דער נייער רעגירונג.

איצט האט די פירערשאפט פון די אנארכיסטישע יוניאנס אנגענומען א צאל באשלוסען, וואס צייגען דאס זיי האבען א סך געלערענט אין דעם קעסעל פון בירגער־קריג. אין נאמען פון זייערע אנדערטהאלבען מיליאן מיטגלידער האבען זיי אנגענומען א צאל באשלוסען וואס פארשפרעכען פולע קאאפעראציע מיט דער רעגירונג אין דעם אלגעמיינעם קאמף געגען דעם פאשיסטישען שונא אין לייגען דעם פונדאמענט פאר צוויי וויכטיגע מעגלאכקייטען: פאר דער שאפונג פון א פאראייניגטער טרייד־יוניאן באוועגונג אין דער באפרייטער שפאניע און פאר א באטייליגונג פון אנארכיסטישע פארטרעטער אין דער געמיינשאפטליכער אנטי־פאשיסטישער רעגירונג.

די באשלוסען צייגען אויך, דאס אויפ'ן עקאנאמישען און סאציאלען געביט האבען די שפאנישע אנארכיסטען זיך אפגעזאגט פון א צאל אלטע אנטי־מלוכה באגריפען פון פרימיטיווען אנארכיזם און זעהען אין די נוצליכע ראלע וואס א צענטראלע רעגירונג און א צענטראלע ווירטשאפטליכע מאשין קען און מוז שפילען אין א פרייער, דעמאקראטישער מלוכה.

עס איז זעלבסט פארשטענדליך, אז אין איין פונקט האבען די אנארכיסטישע פירער פון די „סע־ען־טע" יוניאנס זיך ניט געביטען. זיי זיינען נאך אלץ פאר דער גרעסטער מאס פון בירגערליכע און פערזענליכע פרייהייט און זיינען געגען די אידייען פון דיקטאטור און טעראר, וואס די קאמוניסטען אין שפאניע, ווי אין אנדערע לענדער, פארטרעטען, און זיי באטאנען דאס גאנץ שארף אין זייערע באשלוסען.

די געענדערטע שטעלונג פון די אנארכיסטישע יוניאנס צו דער נעגרין־פריעטא רעגירונג צייגט, אגב, דאס זיי, די אנארכיסטען, האבען זיך איבערצייגט, דאס דער שידוך צווישען נעגרין און די קאמוניסטען איז ניט געווען קיין שידוך אויס ליבע, נאר אויס נויט, און אז איצט, ווען די רעגירונג פילט זיך שטארקער, באפרייט זי זיך פון די קייטען וואס די קאמוניסטען האבען אויף איר פרובירט אנטאן.

די דאזיגע ענדערונג איז אויך נאטירליך געווען די אמת'ע טרייב קראפט וואס האט געשטויסען די אנהענגער פון קאבאלערא צו פראקלאמירען זייער לאיאליטעט צו דער רעגירונג.

## יאוש

### פון דוד מענעס

מיך האט מיין מאמע אין חרטה געבוירן
אויף א זאק פון שטרוי ביי א נאסער וואנט
און קיינמאל נאכדעם האט מיך ניט געצערטלט
איר האנט.

מיך האט מיין מאמע אין יאוש געבוירן,
האט יאוש געטונקלט מיינע קינדערשע טעג;
שפעטער געגאנגען אויף פארוואקערטע פעלדער
זוכן א וועג.

מיך האט מיין מאמע אין הפקר געבוירן
צו בלאנדזשען אויף גאסן קרום און פארשטעלט,
האב איך אין בלאנדזשען און שטרויכל פארלוירן
מיין וועלט.

לויפן די יארן אין פלאנטער געדרייט,
איצט ציילן זיי זיבן מאל זיבן;
פרעג איך פארוואס און צו וואס האט געטויגט
אזא לעבן?

## די לייבאר פארטיי פון נארוועגיע קומט צוריק.

דער קומענדער מיטינג פון אמסטערדאמער אינטערנאציאנאל אין אסלא איז דער ערשטער צוזאמענקונפט פון דעם וועלט־פארבאנד פון טרייד יוניאנס אין דער הויפטשטאט פון נארוועגיע.

די נארוועגישע יוניאנס האבען ערשט מיט 2 יאר צוריק זיך צוריקגעקערט צו דעם אינטערנאציאנאל, נאך דעם ווי זי זיינען אין פארלויף פון פילע יארען געשטאנען אויסער זיינע רייהען. ווען די באלשעוויסטישע פירער פון רוסלאנד האבען אין 1919־1920 געשפאלטען דעם אינטערנאציאנאל און געשאפען אן אייגענעם, „רויטען", יוניאן אינטערנאציאנאל זיינען די נארוועגישע יוניאנס געווען צווישען די ערשטע צוצושטיין צו אים. שפעטער, ווען די מאסקווער פירער האבען גענומען געבען ארדערס וואס זיינען ניט געווען צוגעפאסט צו די נארוועגישע באדינגונגען, זיינען די ארטיגע יוניאנס ארויס פון מאסקווער טרייד־יוניאן אינטערנאציאנאל. זייער לייבאר פארטיי איז דאן אויך ארויסגעטראטען פון דעם קאמוניסטישען אינטערנאציאנאל. איצט, ווען די צענטראלע פון די נארוועגישע יוניאנס איז פון דאס ניי געווארען א טייל פון דעם אלגעמיינעם, ניט קאמוניסטישען וועלט־פארבאנד פון יוניאנס, האט אויך די לייבאר פארטיי, וואס זי, די יוניאנס, קאנטראלירען, באשלאסען זיך צוריקצוקערען צו דעם אלגעמיינעם, סאציאליסטישען ארבייטער אינטערנאציאנאל.

דער באשלוס איז אנגענומען געווארען דעם 9־טען יאנואר אויף א מיטינג פון דעם נאציאנאלען פארטיי־ראט און איז גוט געהייסען געווארן אין א רעפערענדום, דורכגעפירט אין מאנאט פעברואר.

דער באשלוס איז אריין אין קראפט אנפאנגענדיג דעם ערשטען יאנואר, פון דעם יאר. בלויז איין מיטגליד פון פארטיי־ראט האט געשטימט געגען דער רעקאמענדאציע פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיווע.

דערזעלבער צוזאמענקונפט פון פארטיי־ראט האט איינשטימיג צוריקגעוויזען דעם אנבאט פון דער קאמוניסטישער פארטיי צו פארהאנדלען מיט איר וועגען „איינהייט" און דערביי באטאנט, אז די דאזיגע ראדיקאלסטע ארבייטער פארטיי פון דער וועלט איז „געגען די מעטאדען און געגען דער טאקטיק פון קאמוניסטישען אינטערנאציאנאל" און די פארטייען וואס ווערען פון אים געפירט.

די דאזיגע אנטי־קאמוניסטישע שטעלונג האט אבער ניט געשטערט דעם פארטיי־ראט אנצונעמען א רעזאלוציע וואס „פארשפרעכט צו ארבייטען אויפ'ן אינטערנאציאנאלען געביט פאר דעם," אז די ארבייטער פון סאוועטען פארבאנד זאלען איינשטעלען מער פריינדליכע באציהונגען און בעסער קאאפערירען איינע מיט די אנדערע.

די לייבאר פארטיי אין נארוועגיע איז די שטארקסטע פארטיי אין לאנד און קאנטראלירט אינגאנצען די רעגירונג. צוזאמען מיט די סאציאליסטישע און ארבייטער רעגירונגען פון דענמארק, איזלאנד און שוועדען באמיט זי זיך איינצופירען טיפע סאציאלע רעפארמען וואס בויען איבער דאס לאנד אויף ארבייטער און קאאפעראטיווע יסודות, באזירט אויף דעמאקראטיע און פולער פאליטישער און בירגערליכער פרייהייט.

און ווען מיר דערמאנען שוין שוועדען, זאל דא פארצייכענט ווערען דאס דער פראצעס פון ארבייטער איינהייט האט אין שוועדען די לעצטע וואכען פארצייכענט א וויכטיגען זיג.

אין דער דאזיגער סקאנדינאווישער מלוכה זיינען ביז איצט געווען דריי „ארבייטער פארטייען". די שטארקסטע פון זיי, די סאציאל־דעמאקראטישע ארבייטער פארטיי, האט אין די לעצטע פארלאמענטארישע וואהלען פון 1936 געצויגען 1,338.120 שטימען און ערוויילט כמעט א העלפט פון אלע דעפוטאטען (112 פון 230). די האלב־קאמוניסטישע „סאציאליסטישע פארטיי" איז די צווייטע, לויט אירע אנהענגער, ארבייטער ארגאניזאציע... זי האט אין דיזעלבע וואהלען געצויגען 127,833 שטימען און ערווילט 6 דעפוטאטען. די דריטע, די „קאמוניסטישע פארטיי", האט געקראגען עטוואס ווייניגער ווי הונדערט טויזענט שטימען און ערוויילט 5 דעפוטאטען (צו די סאציאליסטישע 112).

אזוי איז געווען די לאגע ביז לעצטען מאנאט. איצט האט די סאציאליסטישע פארטיי באשלאסען זיך אויפצולייזען און האט זיך אנגעשלאסען מיט אלע אירע מיטגלידער, 6 פארלאמענט דעפוטאטען און מוניציפאלע קאנסיללייט אן דער סאציאלדעמאקראטישער פארטיי, וועלכע איז, אגב, איצט אויך די רעגירונגס פארטיי פון לאנד.

# אין דער וועלט פון ארבייט

## וואָס עס הערט זיך אין דער אַרבייטער־באַוועגונג אין פאַרשיידענע לענדער פון דער וועלט

פון מאַרק כינאָי

### דער אינטערנאַציאָנאַל און די סאָוועטישע יוניאָנס.

אין דער טרייד־יוניאָן פרעסע פון אײראָפּע האָט מען אין פאַרלויף פון דעם פאַרגאַנגענעם מאָנאַט זעהר פיל געשריבען וועגען דעם אָפּגעבראָכענעם שידוך צווישען מאָסקווע און אַמסטערדאַם.

די געלעגענהייט פאַר די דאָזיגע אַרטיקלען איז געקומען ווען די ביוראָ, אָדער עקזעקוטיווע, פון דעם אַמסטערדאַמער טרייד יוניאָן אינטערנאַציאָנאַל האָט אויף איר לעצטען צוזאַמענפאָר צוריקגעוויזען די אַפּליקאַציע פון די סאָוועטישע יוניאָנס און ערקלערט אין א קורצער, אָבער זעהר שאַרפער רעזאָלוציע די מאָטיווען פון דער דאָזיגער האַנדלונג.

די רעזאָלוציע איז אָפּגעדרוקט אין דעם לעצטען נומער פון „בולעטין" פון וועלט־פאַרבאַנד פון טרייד־יוניאָנס און זי איז אַזוי פאָרמולירט געוואָרען, דאָס עס בלייבט ניט מער קיין צווייפעל אין דעם, אז די סאָוועטישע יוניאָנס וועלען נאָך אַלץ בלייבען אויסער דער אָרגאַניזירטער פאַמיליע פון אייראָפּיאישע און אַמעריקאַנישע יוניאָנס.

די לייענער פון דעם יאַנואַר נומער „גערעכטיגקייט" געדענקען וואַרשיינליך מיין אַרטיקעל וועגען דעם ענין. זיי געדענקען, דאָס א דעלעגאַציע פון טרייד יוניאָן אינטערנאַציאָנאַל איז ענדע לעצטען נאָוועמבער געפאָרען קיין מאָסקווע און דאָרט פאַרהאַנדעלט מיט די אָפיציעלע פירער פון די סאָוועטישע יוניאָנס וועגען זייער פאַרלאַנג אויפצולייזען זייער אייגענעם, קאָמוניסטישען, טרייד־יוניאָן אינטערנאַציאָנאַל און זיך אָנשליסען אָן דעם אַלגעמיינעם וועלט־פאַרבאַנד פון טרייד־יוניאָנס, צו וועלכען עס באַלאַנגען כמעט אַלע לייבאָר פעדערײשאָנס פון דער וועלט א חוץ דער סאָוועטישער.

אין דער דעלעגאַציע האָבען זיך באַטייליגט דער גענעראַל סעקרעטאַר פון דעם אינטערנאַציאָנאַל, שעוועגעלס, זיין אַסיסטענט סטאָלץ און דער גענעראַל סעקרעטאַר פון דער פראַנצויזישער טרייד־יוניאָן פעדעראַציע, לעאָן זשוהאָ.

ווען די דריי האָבען זיך צוריקגעקערט פון מאָסקווע האָבען זיי ערקלערט, דאָס זיי האָבען אונטערגעשריבען אַן אַגרימענט מיט די פאָרטרעטער פון די סאָוועטישע יוניאָנס און יענע וועלען אריינגענומען ווערן „אַזוי שנעל ווי די עקזעקוטיווע פון אינטערנאַציאָנאַל וועט דעם אַגרימענט גוטהייסען". לעאָן זשוהאָ האָט אין זיין סטייטמענט וועגען דעם ענין באַטאָנט, אז די סאָוועטישע יוניאָנס וועלען אריינגענומען ווערן אויף „דיזעלבע באַדינגונגען" ווי די אַנדערע פעדעראַציעס.

וואָס גענוי די דאָזיגע באַדינגונגען זיינען האָט זשואָ ניט געזאָגט. דאָס, האָט ער געזאָגט, בלייבט א סעקרעט ביז די עקזעקוטיווע וועט זיך פאַרזאַמלען און דעם אָפּמאַך גוטהייסען.

איצט האָט די עקזעקוטיווע זיך פאַרזאַמעלט און דעם אָפּמאַך — צוריקגעוויזען...

פאַר וואָס?

אַן ענטפער אויף דעם גיט די רעזאָלוציע וואָס איז דערביי אָנגענומען געוואָרען און — נאָך מער — די דאָקומענטען, וואָס זיינען דערביי פאַרעפענטליכט געוואָרען.

פון דער רעזאָלוציע דערוויסט מען זיך דאָס די אַפּליקאַציע פון דער סאָוועטישער צענטראַלע איז אין דער אמת'ן גאָר קיין אַפּליקאַציע ניט געווען. מען דערוויסט זיך איצט אויך, דאָס דער איינהייטס־אַגרימענט וועגען וועלכען די דעלעגאַציע האָט געמאָלדען, איז גאָר קיין אַגרימענט ניט געווען.

אָנשטאָט אונטערצושרייבען א געוויינליכע ווענדונג וועגען אריינגעמען איהר אין דעם טרייד־יוניאָן אינטערנאַציאָנאַל, זאָגט די רעזאָלוציע, „האָט די צענטראַלע פון די סאָוועטישע פאַראיינען ארויסגעשטעלט אַ צאָל אולטימאַטיווע פאָדערונגען מיט אַ באַטאָנונג דאָס מען מוז די דאָזיגע פאָדערונגען נאָכקומען אײדער עס וועט אָנקומען די געהעריגע ווענדונג וועגען אריינעמען".

וואָס אַנבאַלאַנגט די פאָדערונגען און פאָרבאַדינגונגען זיינען זיי אַזעלכע „חוצפה'דיגע" (אַן אויסדרוק פון א פאַריזער צייטונג) דאָס די ביוראָ פון אינטערנאַציאָנאַל באַטראַכט זיי פאַר „ניט אָנגעמבאַר".

און כדי אַלע נאַציאָנאַלע צענטראַלעס פון די יוניאָנס זאָלען זיך אַליין קענען אין דעם איבערצייגען, באַשליסט די ביוראָ „אָפּצושיקען צו די אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס אַלע מאַטעריאַלען וואָס האָבען א שייכות צו דער פראַגע" און „רעקאָמענדירט דעם קומענדען צוזאַמענפאָר פון גענעראַל־ראָט אין מאַי, אין אָסלאָ, צוריקצואווייזען די פאָדערונגען פון סאָוועטישען טרייד־יוניאָן צענטער".

צווישען די פאַרעפענטליכטע דאָקומענטען איז אויך דאָ דער אָריגינאַל פון די פאָדערונגען וואָס די דריי טרייד־יוניאָן קאָמיסאַרען פון סאָוועטישע יוניאָנס — שווערניק, מאָסקאַטאָוו און ניקאָלאַיעוו — האָבען צוגעשטעלט, ווען זשואָ און זיינע קאָלעגען זיינען געווען אין מאָסקווע.

פון אים דערוויסען מיר זיך, דאָס דער סאָוועטישער „אולטימאַטום" האָט אנטהאַלטען ניט בלויז די מאָדנע פאָדערונגען און אומגעזעצליכע, לויט דער קאָנסטיטוציע פון אינטערנאַציאָנאַל, וואָס זיינען דערמאָנט געוואָרען אין די קעיבעלס פון אַמסטערדאַם וועגען דעם ענין, נאָר א צאָל אַנדערע „באַדינגונגען", וואָס זיינען ווי עקסטראַ ארויסגעשטעלט געוואָרען אום דער גאַנצער פאָרשלאַג וועגען איינהייט זאָל דורכפאַלען.

איינער פון די דאָזיגע פונקטען זאָגט, אז אָנשטאָט איין פרעזידענט, מוז דער טרייד־יוניאָן אינטערנאַציאָנאַל האָבען דריי, פון וועלכע איינער מוז פאָרטרעטען די סאָוועטישע (קאָמוניסטישע) יוניאָנס. עס מוזען אויך זיין צוויי גענעראַל סעקרעטאַרן, פון וועלכע איינער מוז פאַרטרעטען די קאָמוניסטישע פירערשאַפט פון די מאָסקווער יוניאָנס.

די פירער פון די אָרגאַניזירטע ארבייטער אין די פרייע דעמאָקראַטישע לענדער האָבען אין פאָדערונגען (וועגען א קאָמוניסטישען פרעזידענט און א קאָמוניסטישען גענעראַל סעקרעטאַר) דערזען א שלעכט פאַרמאַסקירטען פאַרזוך צו פאַרכאַפּען די פירערשאַפט פון טרייד יוניאָן אינטערנאַציאָנאַל און פאַרוואַנדלען אים אין א מין אַגענטור פון דער זעלבער סאָוועטען רעגירונג, וועלכע קאָנטראָלירט די רוסישע יוניאָנס.

אָבער אפילו די פונקטען האָבען ניט אויפגערעגט אַזוי שטאַרק די ניט־קאָמוניסטישע יוניאָן טוער, ווי דער דריטער פונקט פון די פאָדערונגען.

אין אים האָבען די קריטיקער דערזען ניט מער און ניט ווייניגער ווי א פאָדערונג אז דער טרייד־יוניאָן אינטערנאַציאָנאַל זאָל גאַראַנטירען דאָס די טרייד־יוניאָן פרעסע פון דער וועלט וועט מער ניט קריטיקירען די סאָוועטען רעגירונג און אירע יוניאָנס.

„אַזוי ווי די סאָוועטישע יוניאָנס נעמען אויף זיך ריזיגע פינאַנציעלע פאַרפליכטונגען", ווערט געזאָגט אין דעם דערמאָנטען פונקט פון דעם רוסישען אולטימאַטום, „און זיי פאַרפליכטען זיך ביישטייערן אין מיטגלידערשאַפט־דיוס ארום 200 טויזענד דאָלער, פאָדערען מיר א גאַראַנטיע דאָס די געלד וועט ניט גיין אויף פראָפּאַגאַנדע געגען סאָוועטען פאַרבאַנד אָדער אויף פראָפּאַגאַנדע געגען סאָוועטישע פאַראיינען"...

מיט רעכט אָדער מיט אונרעכט — איך בין פערזענליך איבערצייגט אַז מיט רעכט — האָבען די מערסטע טרייד־יוניאָן טוער פון אייראָפּע אין דער מאָדנער פאָדערונג פון די סאָוועטישע יוניאָנס דערזעהן אַ א טיפע

---

פיקעטען. קיין ענטשיידונג איז נאָך דערווייל ניט אַרויסגעגעבען געוואָרען.

אין באָפאַלאָ, ווידער, איז דעם 20טען פון היינטיגען מאָנאַט פאַרגעקומען אַ גאַנצע קאָנווענשאָן פון אַזאַ סאָרט „יוניאָן", וועלכע האָט זיך אַ נאָמען געגעבען „נעשאַנאַל פעדערייטעד אינדעפּענדענט יוניאָן". וואָס פאַר אַ סאָרט „יוניאָן" דאָס איז קען מען זעהן פון זייער קאָנסטיטוציע, וועלכע זאָגט, אַז זי איז געגען דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר, געגען דער סי. אָי. אָ, געגען זיץ־סטרייקס, געגען סטרייקס און קאַמף אין אַלגעמיין... דער גאַנצער מאַכער פון דער חברה איז אַ געוויסער פרעדעריק ס. גאַלאַוועי, פון אינדיאַנאַפּאָליס. ער באַרימט זיך אַז זיי האָבען שוין 250,000 מיטגלידער און האָבען אַרויסגעגעבען טשאַרטערס צו אַכט און דרייסיג יוניאָנס. ווי עס שיינט, איז עס אַ פאַרזוך צו שאַפען אַ נאַציאָנאַלען פאַרבאַנד פון קאָמפּאַני יוניאָנס אָדער אַ פשוטער רעקעט צו פאַרקויפען פאַרטיג געמאַכטע יוניאָנס צו באָסעס ווען זיי האָבען שוועריגקייטען מיט זייערע אַרבייטער. די טרייד יוניאָן באַוועגונג דאַרף האַלטען אַ שאַרפע אויג אויף דער חברה.

### ניו יאָרקער פאַר באָסעס מאַכען אַ לאָקאַוט

די אַסאָסיאיישאָן פון די ניו יאָרקער פאַר באָסעס האָבען דערקלערט אַ לאָקאַוט געגען די אַרבייטער, אין אַ פאַרזוך צו ברעכען די פאַריער יוניאָן. זיי האָבען זיך באַנוצט מיט דעם וואָס דער קאָלעקטיווער אַגרימענט אין טרייד איז אויסגעגאַנגען אין אַ צייט ווען קיין אַרבייט אין טרייד איז סיי ווי נישטאָ, צו פּרובירען אַרויסצוצווינגען פון דער יוניאָן אַ גענעראַל סטרייק אין אַ צייט וואָס איז ניט גינסטיג פאַר די אַרבייטער. די פאַריער אינטערנעשאָנעל און דער דזשאָינט קאָונסיל לאָזען זיך אָבער ניט פּראָוואָצירען און וואַרטען אָפּ מיט דער סטרייק אַקציע ביז עס וועט זיין מער אַרבייט אין טרייד. פאַרלויפיג פּיקעטען זיי בלויז די שעפּער וועלכע האָבען אויסגעשלאָסען די אַרבייטער און האָבען אפשר אָביסעל אַרבייט. די איבריגע שעפּער, וועלכע זיינען סיי ווי פאַרמאַכט, ווייל עס איז קיין אַרבייט ניטאָ, און די וואָס האָבען איגנאָרירט דעם באַפעל פון דער אַסאָסיאיישאָן און ניט אויסגעשלאָסען זייערע אַרבייטער, לאָזט די יוניאָן דערווייל צו רו.

מעיאָר לאַ גוואַרדיא האָט געמאַכט אַ פאַרזוך צו־זאַמענברייגען די יוניאָן און די אַסאָסיאיישאָן צו קאָנפערענצען, מיט דער הילף פון דער סטייט לייבאָר באָאַרד. איין זיצונג איז געהאַלטען געוואָרען, אָבער אָן רעזולטאַטען. די באָסעס זיינען דערווילע איינגעשפּאַרט. די יוניאָן און די אַרבייטער זיינען אָבער גאַנץ רואיג. זיי מאַכען אַלע נויטיגע פאַרבאַרייטונגען פאַר אַ סטרייק ווען די צייט וועט קומען. וועגען דעם אויסגאַנג קען קיינער ניט צווייפלען. די פאַריער האָבען שוין פילע מאָל באַוויזען אַז זיי ווייסען ווי צו סטרייקען און געווינען.

### מילינערי אַרבייטער באַנייען אַגרימענט אָן אַ סטרייק

די מילינערי אַרבייטער יוניאָן האָט דעם מאָנאַט באַנייט איר אַגרימענט מיט די בעלי בתים אָן אַ סטרייק. די שטונדען, שכירות און אַרבייטס־באַדינגונגען זיינען געבליבען די זעלביגע ווי אין דעם אַלטען אַגרימענט. עס זיינען בלויז אויסגעבעסערט געוואָרען די פּונקטען פון קאָנטראָל אין דער אינדוסטריע.

### מגפה פון שניידען שכירות אין דער טעקסטיל אינדוסטריע

אין דער טעקסטיל אינדוסטריע האָט זיך אָנגעהויבען אַ רעגעלע מגפה פון שניידען די אַזוי אויך קלעגליכע שכירות פון די אַרבייטער.

אין די פּיקאָ מילען אין סיילעם, מאַסס., האָבען די דריי טויזענד אַרבייטער, וועלכע באַלאַנגען צו אַן אינדעפּענדענט יוניאָן, אָנגענומען אַ פאַרקלענערונג פון די שכירות מיט 9½ פּראָצענט; דאָס זעלבע האָבען אָנגענומען די אַרבייטער אין דער „דאַנוועַרס בליטשערי" אין פּיבאָדי, מאַסס.; צוועלף הונדערט אַרבייטער פון דער „פאַרר אַלפּעקאַ קאָ." פון האָליאָק, מאַסס., האָבען אָנגענומען אַ שניט אין די שכירות אויף 12½ פּראָצענט; 1600 אַרבייטער אין דער „פּאַסיפיק פּרינט וואָרקס" אין לאָורענס, האָבען אָנגענומען אַ שניט אין שכירות אויף צען פּראָצענט; אַ 12½ פּראָצענט פאַרקלענערונג אויף די שכירות האָבען אויך אָנגענומען די 2500 אַרבייטער פון דער „אַמעריקען טרעד קאָ.", אין די צוויי פאַבריקען אין ווילימענטיק, קאָנג., און אין פאָל ריווער, מאַסס.

די מגפה פון די ווידזש שניטען האָט אַפילו ניט אויסגעמידען איינגאָנצען די אָרגאַניזירטע פאַבריקען. זייבען לאָקאַלס פון דער טעקסטיל וואָרקערס אָרגאַניזיישאָן קאָמיטע אין ניו בעדפאָרד, מאַסס., האָבען אָנגענומען אַ שניט אין שכירות אויף 12½ פּראָצענט. די טעקסטיל וואָרקערס אָרגאַנייזינג קאָמיטע האָט צוליב דעם די לאָקאַלס סוספּענדירט, ווייל זיי האָבען זיך ניט באַראַטען מיט קיינעם ווען זיי האָבען אָנגענומען דעם שניט אין שכירות. די יוניאָן וועט וואַרשיינליך מאַכען אַ פאַרזוך צו רעאָרגאַניזירען די לאָקאַלס.

זייערע סעמפּעל־מאַכער צום קומענדען סעזאָן דורך דער יוניאָן ביוראָ. די יוניאָן ערוואַרטעט צו זיין אומשטאַנד צו באַזאָרגען די סעמפּעל מאַכער מיט דזשאַבס ביים סוף פעברואַר, ווען דער סעמפּעל סעזאָן פאַנגט זיך אָן. אַלע סעמפּעל מאַכער וואָס זיינען אויסער ארבייט ווערען דעריבער אויפגעפאָדערט צו רעגיסטרירען זיך אין דער ביוראָ.

„עס איז מערקווירדיג — האָט דזשוליוס האָכמאַן, מענעדזשער פון דער דרעס דזשאָינט באָאַרד דערקלערט, וואָס דוקה די סעמפּעל מאַכער, וועלכע זיינען צווישען די בעסטע און מערסטענס קוואַליפיצירטע ארבייטער אין טרייד זאָלען זיך לאָזען אַזוי שענדליך עקספּלואַטירען. לויט דעם אַגרימענט מיט די בעלי בתים האָבען זיי קיין רעכט ניט צו דינגען סעמפּעל מאַכער דורך די פּריוואַטע עמפּלוימענט אייזשענסיס, וועלכע נעמען געלט ביי די אַרבייטער פאַר אַרויפשיקען זיי אויף אַ דזשאָב. אונזער יוניאָן האָט פאַר אַ לאַנגע צייט נאָכגעפאָלגט אָט די פּראַקטיק און איינגעמאָנט הונדערטע דאָלאַרס פון די מאַנופאַקטשורערס פאַר די געלט וואָס סעמפּעל מאַכער האָבען באַצאָלט צו די פּריוואַטע עמפּלוימענט אייזשענסיס און עס צוריק געגעבען צו די אַרבייטער. די פּראַקטיק איז די שענדליכסטע רויבעריי. גאַנץ אָפט צאָלט אַ סעמפּעל מאַכער פון 20 ביז 30 דאָלאַר צו דער אייזשענסי פאַר אַ דזשאָב, וואָס האַלט אָן בלויז צוויי—דריי וואָכען. דאָס טאָר ניט דערלאָזען ווערען. די יוניאָן איז ענטשלאָסען צו צווינגען די בעלי בתים אָפּצוהיטען דעם אַגרימענט אין באַצוג צו דעם פּונקט, מיט דער זעלבער ענערגיע ווי אַלע אַנדערע פאַרשריפטען פון אונזער אַגרימענט. טיילווייז, האָט האָכמאַן געזאָגט, זיינען די סעמפּעל מאַכער אַליין שולדיג, וואָס די איבלען האַלטען אָן. ווען זיי וואָלטען יעדעס מאָל געבראַכט קלאַגען ווען דער אַגרימענט ווערט ניט אָפּגעהיט און געפאָדערט הילף פון דער יוניאָן, וואָלטען די איבלען שנעל פאַרשווינדען. איצט, ווען די סעמפּעל מאַכער נעמען אַ שטעלונג וועט זיי די יוניאָן זיכער באַשיצען.

די ערשטע אויפגאַבע וואָס די ביוראָ האָט פאַר זיך, איז צוריק קריגען די דזשאַבס פאַר די סעמפּעל מאַכער אין די פּלעצער וואו זיי האָבען געאַרבייט לעצטען סעזאָן. די יוניאָן איז ענטשלאָסען צו באַשיצען די רעכט פון די סעמפּעל מאַכער אויף זייער דזשאָב און וועט ניט דולדען די פּראַקטיק פון בייטען יעדען סעזאָן אָדער דערלאָזען, אַז ווען אַ נייער דעזיינער קומט אָן אַרבייטען אין פּלאַץ, זאָל מען בייטען די סעמפּעל מאַכער, וועלכע דאַרפען מיט איר אַרבייטען.

## דרעס פּרעסערס טעקסען זיך מיט צען דאָלער

ביי אַ מיטינג פון דרעס פּרעסער לאָקאַל 60, אין וועלכען עס האָבען זיך באַטייליגט אַרום צוויי טויזענד מיטגלידער, איז איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען די רעקאָמענדאַציע פון דער עקזעקוטיוו באָאַרד פון זייער לאָקאַל צו טעקסען יעדען מיטגלידער מיט 10 דאָלאַר פאַר 1930 און אויסבעסערען דאָס אָפּגעבען טעג אַרבייט פון די וואָס אַרבייטען פאַר די אַרבייטסלאָזע.

מעקס קאָהען, מענעדזשער פון לאָקאַל, האָט אָנגעוויזען אויף דער פאַרערגערטער לאַגע אין לאַנד און אויף דער פאַרגרעסערטער צאָל אַרבייטסלאָזע און אַרומגערעדט, וואָס דער פּרעסער לאָקאַל האָט ביז איצט געטאָן צו העלפען די אַרבייטסלאָזע מיט וואָס נאָר מעגליך. דער לאָקאַל, האָט ער אָנגעוויזען, האָט צוליב דעם געשלאָסען די ביכער צו באַשיצען די מיטגלידער, כאָטש דאָס האָט פאַראורזאַכט אַ פינאַנציעלען דעפיציט דעם לאָקאַל איבער דעם, וואָס עס איז ניט אַריינגעקומען קיין איינטריטס געלט פון נייע מיטגלידער.

מעקס קאָהען האָט דאַן געבראַכט צום מיטינג די רעקאָמענדאַציעס פון דער עקזעקוטיוו באָאַרד וועגען דעם עמפּלוימענט דעפּאַרטמענט. ער האָט אָנגעוויזען אַז לאָקאַל 60 איז פאַקטיש דער איינציגער לאָקאַל, וועלכער האָט עטאַבלירט אָן עמפּלוימענט דעפּאַרטמענט, וועלכער אָפּערירט מיט אַזאַ גרויסען פאַרנעם. ער האָט באַריכטעט, אַז אין דעם לעצטען יאָהר האָט דער דעפּאַרטמענט אַרויסגעגעבען אַ 150 טויזענט דאָלאַר אין טעג־אַרבייט צו די אַרבייטסלאָזע מיטגלידער. דער דעפּאַרטמענט האָט געשאַפען 220 פּערמאַנענטע דזשאַבס. אין דער זעלבער צייט צוליב דער פאַרגרעסערונג פון דער אַרבייטסלאָזיגקייט, איז נויטיג צו מאַכען געוויסע אויסבעסערונגען אין דעם דעפּאַרטמענט. די אויסבעסערונגען זיינען געצילט פאַר דעם צוועק דורכצופירען אין לעבען דעם פריהערדיגען באַשלוס, אַז יעדער פּרעסער וואָס מאַכט פולע צוויי וואָכען אַרבייט זאָל איבערגעבען איין טאָג צו דעם אַרבייטסלאָזען דעפּאַרטמענט. די נייע רעקאָמענדאַציע איז, אַז פון דעם ערשטען יאַנואַר ביז דעם 15טען יולי מוז יעדער פּרעסער איבערגעבען כאָטש דריי טעג אַרבייט צו דעם אַרבייטסלאָזען דעפּאַרטמענט. אויב דער פּרעסער גיט ניט איבער, מוז ער צאָהלען 10 דאָלער קעש פאַר יעדען טאָג, וועלכען ער פאַרפעהלט.

דער מענעדזשער האָט באַטאָנט, אַז כאָטש די יוניאָן איז ניט שולדיג פאַר דער אַרבייטסלאָזיגקייט, אין דאָס איהר פליכט צו זעהן, אַז קיינער פון איהרע מיטגלידער זאָל ניט ליידען.

מאַקס קאָהען האָט נאָכדעם געבראַכט די רעקאָמענדאַציע פון אַ 10 דאָלאַר טעקס פאַר דעם יאָהר 1938 צו דעקען די אויסגאַבען פון דעם דעפּאַרטמענט ווי אויך די קולטורעלע און פּאָרוויילערישע טעטיגקייטען פון לאָקאַל.

אַ ברייטע דיסקוסיע האָט נאָכגעפאָלגט דעם באַריכט פון דעם מענעדזשער, אין וועלכער אַ צוואַנציג מיטגלידער האָבען זיך באַטייליגט. צווישען די רעדנער זיינען געווען י. וואַסילעווסקי, וועלכער איז גלייכצייטיג געווען דער טשערמאַן פון דער פאַרזאַמלונג, און מאַקס גרזמאַן, מענעדזשער פון דעם אַפּיליאייטעד דעפּאַרטמענט פון דזשאָינט באָאַרד און אַנדערע.

די אַלע רעקאָמענדאַציעס און מענעדזשער קאָהען'ס באַריכט זיינען איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען.

## נייער אַגרימענט אין קאָרסעט טרייד געשלאָסען.

די קאָרסעט און בראַזיר אַרבייטער יוניאָן לאָקאַל 32 האָט ענדליך נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען און דינגען זיך, זיך געאייניגט מיט פאַרטרעטער פון דער אַסאָסיאיישאָן פון די באַלעבאָטים אויף אַלע פּונקטען פון דעם אַגרימענט אין טרייד פאַר די קומענדע צוויי יאָר. די לאָיערס פון ביידע צדדים אַרבייטען איצטער אויס דעם געשריבענעם אַגרימענט אין זיין געזעצליכער פאָרמע וועלכען די פאַרטרעטער וועלען אונטערשרייבען.

די פאַרהאַנדלונגען מיט די קאָרסעט באַלעבאָטים האָבען זיך געצויגען מאָנאַטען לאַנג און זיינען עטליכע מאָל אָפּגעבראָכען געוואָרען איבער דער איינגעשפּאַרטקייט פון די פאַרטרעטער פון דער אַסאָסיאיישאָן. אין אָנהויב פעברואַר, איז שוין געווען אַלעס איינפאַרשטאַנען אָבער אין דער לעצטער מינוט האָבען די באַלעבאָטים חרטה געהאָט און די יוניאָן האָט ביי איר מיטינג אנשטאָט גוטהייסען דעם אַגרימענט, ווי מען האָט ערוואַרטעט, געמוזט אויטאָריזירען די פירער פון לאָקאַל פאָרטצוזעצען די פאַרהאַנדלונגען און באַשטיין אויף די אַלע פּונקטען אויף וועלכע מען האָט זיך געאייניגט.

אין דעם נייעם אַגרימענט האָבען די קאָרסעט און בראַזיר אַרבייטער געוואונען פאָלגענדע פּונקטען:

די אַרבייטס שטונדען בלייבען ווי געווען — זיבען און דרייסיג און אַ האַלב שטונדען אַ וואָך; די אַרבייטער קריגען באַצאָלט פאַר פינף געזעצליכע ימים טובים; ווען אַ נייער אַרבייטער קומט אָן אַרבייטען אין אַ שאָפּ מוז ער ברענגען אַ וואָרקינג קאַרד פון דער יוניאָן; באַלעבאָטים טאָרען ניט אַרויסגעבען קיין אַרבייט צו קאָנטראַקטאָרס סיידען אַלע אינסייד אַרבייטער האָבען פולע וואָכען אַרבייט, און אויב ער טוט עס קען דער אימפּאַרשעל טשערמאַן אים מאַכען צאָלען די אַרבייטער פאַר צייט־פאַרלוסט; באַלעבאָטים טאָרען ניט אַרויסמופען אַ שאָפּ ווייטער ווי צען סענט קאַרפער פון ניו יאָרק; די טאָרען ניט בייטען די אַרבייטס סיסטעם פון וואָך אויף שטיק אַרבייט אָדער פאַרקערט, סיידען מיט דער צושטימונג פון דער יוניאָן; די העכערונג אויף די שכירות און מינימומס פאַר די פאַרשידענע פאַכען, זיינען ווי פאָלגט: קאַטערס קריגען אַ העכערונג פון צוויי דאָלער אַ וואָך; דער מינימום פאַר אָפּערייטאָרס, פולע בעל מלאכות, ווערט געהעכערט פון 14 דאָלער אויף 16 דאָלער אַ וואָך; אָפּערייטאָרס, וועלכע קריגען איצט 14 דאָלער אַ וואָך, קריגען באַלד אַ העכערונג פון 1 דאָלער אַ וואָך אויף די שכירות, און אַ צווייטען דאָלער אין יאַנואַר, 1939; לערנערס דאַרפען קריגען 11 דאָלער אַ וואָך די ערשטע 6 וואָכען פון זייער לערנפעריאָדע און 1 דאָלער יעדע וואָך אין די נעקסטע פיר וואָכען ביז זיי דערגרייכען די סקעיל.

דער מינימום ווידזש פאַר עקזעמינערס און טרימערס ווערט געהעכערט מיט איין דאָלאַר, פון 14 דאָלאַר אויף 15 דאָלאַר אַ וואָך. אַלע אַרבייטער פון די פאַכען, וואָס אַרבייטען איצטער, קריגען דעם דאָלער העכערונג באַלד און נאָך איין דאָלער איבער'ן סקעיל אין יאַנואַר, 1939.

אין משך פון ערשטען יאָר פון דעם אַגרימענט, האָט די יוניאָן אַ רעכט אויפצונעמען די פראַגע פון אַן אַלגעמיינער העכערונג אויף די שכירות פאַר אַלע אַרבייטער פון טרייד און אויב מען קען זיך ניט אייניגען וועט עס איבערגעגעבען ווערען צום אימפּאַרשעל טשערמאַן. די העכערונג אָבער וואָס ער וועט באַשטימען זאָל אַריין אין קראַפט ערשט אין יאַנואַר, 1939. אין פאַל אָבער דער שטונדען־שכירות געזעץ פון דער פעדעראַלער רעגירונג גייט אַריין אין קראַפט, דאַן מעג די יוניאָן גלייך פאָדערען די אַלגעמיינע העכערונג אויף די שכירות און די העכערונג לויט דער ענטשיידונג פון אימפּאַרשעל טשערמאַן דאַרף אַריין אין קראַפט 60 טעג נאָכדעם ווי דער געזעץ ווערט בינדענד.

די יוניאָן האָט אויך געוואונען די צוויי פאָדערונגען, אַז אַן אַרבייטגעבער אין ניו יאָרק מוז אַרויסגעבען די אַרבייט וואָס ער האָט איבריג בלויז אין יוניאָן שעפּער און אין פאַל פון אַ סטרייק אויט אָוו טאַון מעג די יוניאָן אָפּשטעלען די אַרבייט אין דעם ניו יאָרקער שאָפּ וואָס איז פאַרבונדען מיט'ן סטרייק.

אייבראַהאַם סניידער, מענעדזשער פון לאָקאַל, וועלכער האָט אָנגעפירט די פאַרהאַנדלונגען, האָט אָנגעוויזען אַז די וויכטיגסטע פאָדערונגען פון דער יוניאָן צו דעם אַגרימענט האָבען די באַלעבאָטים נאָכגעגעבען. די העכערונג אויף די מינימומס און הויפּטזעכליך דעם קאָנטראָל אויף דער אַרבייט און דער פאַרבאָט אַרויסצוגעבען אַרבייט אויטסייד ביז די אינסייד אַרבייטער האָבען פולע באַשעפטיגונג, פאַרהיט די פאַרדינסטען און די אַרבייט פון 3500 מיטגלידער פון דער קאָרסעט און בראַזיר אַרבייטער יוניאָן. אויך דער פאַרבאָט אַרויסצומופען די שעפּער איז פון גרויס וויכטיגקייט פאַר די אַרבייטער. סניידער האָט געגעבען גרויס קרעדיט צו פּרעזידענט דובינסקי, וועלכער האָט דורכגעבראָכען דעם דעדלאָק פון די באַלעבאָטים און צושטאַנד געבראַכט דעם סעטעלמענט אויסמיידענדיג אַ סטרייק אין טרייד.

אַ מיטינג פון אַלע שאָפּ טשערלעידיס און אַקטיווע מיטגלידער פון טרייד איז געהאַלטען געוואָרען מאָנטאָג, דעם 21טען פעברואַר, וואו דער מענעדזשער, אברהם סניידער, האָט קלאָר געמאַכט אַלע פּונקטען פון דעם נייעם אַגרימענט.

## דערגרייכונגען פון דער ניט־גודס מאַכער יוניאָן

די טעטיגקייט פון דער ניט־גודס מאַכער יוניאָן, אירע דערגרייכונגען, שוועריגקייטען, פּראָבלעמען און קרבנות, זיינען אַרויסגעבראַכט געוואָרען אין די באַריכטען פון מענעדזשער י. נעלסאָן ביים מיטינג פון דער יוניאָן, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען דעם 17־טען פעברואַר. ביים מיטינג זיינען פאָרגעלעזען געוואָרען צענדליגע אויסדרוקען פון פּראָטעסט פון מיטגלידער, וועלכע האָבען זיך נאָר וואָס געהאַט דערוואוסט, אַז זייער אָרגאַניזער ברודער וויליאַם שייפער, איז איינגעשפּאַרט געוואָרען אין טורמע פאַר פיר מאָנאַטען אויף אַ פּרעמיס־אָפּ פון די באָסעס.

ברודער שייפער, איז אַרעסטירט געוואָרען אַלס רעזולטאַט פון זיין טעטיגקייט אין סטרייקס, פאַר וועלכע די באָסעס האָבען באַשלאָסען זיך מיט אים אָפּצורעכענען. מיט דער הילף פון דיסטריקט אַטוירני'ס אָפיס און דער פּאָליציי, איז ער אַרעסטירט און פאַרמשפּט געוואָרען אויף אַ בילבול. די מיטגלידער פון דער ניט־גודס אַרבייטער יוניאָן האָבען ביים מיטינג אָנגענומען אַ שאַרפע פּראָטעסט רעזאָלוציע געגען דעם אַרעסט און האָבען זיך פאַרפליכטעט פאָרצוזעצען שייפערס אַרבייט, ווי ער אַליין האָט זיי געבעטען איידער ער איז אוועק אין טורמע. ביים אָפּשייד וועגס, וואָס די מיטגלידער פון דער יוניאָן האָבען אים געגעבען האָט ער געזאָגט:

„אייער אויפגאַבע איז פאָרצוזעצען די אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט אין דער ניט־גודס אינדוסטרי, זיי קענען אַרעסטירען מיך און נאָך עטליכע, אָבער די

# וואָס עס הערט זיך אין דער אינטערנעשאָנאַל

טראַץ דער נביאות פון פאַרשיידענע „עקספּערטען", טראָץ די האָפענונגען פון אַלע, וואָס מאַכען אַ לעבען פון דער פרויען קליידער אינדוסטריע, אַז די לאַגע אין טרייד וועט זיך פאַר־בעסערען צו היינטיגען סעזאָן, איז דאָך ביז איצט דער אָנהויב פון סעזאָן ניט באַזונדערס גוט. פאַרלויפיג איז נאָך פאַראַן זעהר וועניג אַרבייט אין די פאַרשיידענע אָפּטיילונגען פון דער אינדוסטריע. דאָס איז אמת סיי אין די צענטערס און סיי אין דער פּראָווינץ. די איינציגע טיילען פון דער אינדוסטריע, וואו עס איז פאַראַן אַ ביסעל אַרבייט, זיינען אָדער אין די גוטע ליינס, וועלכע ווערען געמאַכט פאַר די מער פאַרמעגליכע קויפער, אָדער אין גאָר די ביליגע אַרבייט. אין די מיטעלע גריידס, וואָס ווערען געקויפט פון דער גרויסער מאַסע אַרבייטער און די אָרעמערע קלאַסען, איז נאָך אַלץ קיין אַרבייט ניטאָ. דאָס מיינט, אַז די גרויסע מאַיאָריטעט פון אונזערע אַרבייטער גייהען נאָך אום ליידיג, אָדער אַרבייטען בלויז צו ביסלאַך.

אונטער אַזוינע אומשטענדען, מערען זיך, נאַטיר־ליך, די פּראָבלעמען און שוועריגקייטען פון אונזערע יוניאָנס. די מערסטע פון זיי זיינען דורך דעם מאַנאַט דעריבער געווען פאַרנומען מיט פּלענער פון פאַרשטאַר־קען דעם קאָנטראָל אום אויפצוהאַלטען די סטאַנדאַרדס און מיט פּראָבלעמען פון פאַרלייכטערען ווי פיל מעגליך די ליידען פון די אַרבייטסלאָזע, דורך באַזעצען אויף פּלעצער אַזויפיל אַרבייטסלאָזע, ווי מען קען און דורך טיילווייזע דירעקטע הילף פאַר די, וואָס זיינען אַממערס־טען געטראָפען פון דער אַרבייטסלאָזיגקייט און געפינען זיך אין נויט.

## קלאוק דזשאָינט באָארד פירט איין שטרענגען קאָנטראָל

די קלאוק דזשאָינט באָארד פון ניו יאָרק האָט דעם מאַנאַט איינגעשטעלט אַ נייעם סיסטעם פון קאָנטראָל איבער דעם אַרויסשיקען אַרבייט אין די קאָנטראַקטינג שעפּער אָפּצוהיטען שטריינג, אַז די אַרבייט זאָל גיין בלויז אין די שעפּער, צו וועמען דאָס דאַרף געגעבען ווערען לויט דעם אַגרימענט, וואָס די יוניאָן האָט מיט די בעלי בתים. לויט דער שטרענגקייט און גרינדליכ־קייט, מיט וועלכע די פאַרטרעטער פון דער דזשאָינט באָארד און פון דעם טראָק דרייווערס לאָקאַל 102, האָבען אָנגעהויבען עקזאַמינירען יעדען טראָק, וואָס פירט וואָרע אָדער פאַרטיגע קלאוקס אין מאַרקעט, מעג מען גלויבען, אַז די פּראַקטיק פון מאַנכע דזשאָבערס און מאַנופאַקטשורערס אַרויסצוגעבען בוטלעג אַרבייט אין ניט יוניאָן און ניט אָרגאַניזירטע שעפּער, וועט איצט אָפּגע־שטעלט ווערען.

די יוניאָן האָט איצט איינגעשטעלט אַ דרייפאַכען קאָנטראָל סיסטעם צו וויסען גענוי וואו יעדער באַנדעל אַרבייט ווערט אויפגעמאַכט. טאָג און נאַכט באַוואַכען פאַרטרעטער פון דער יוניאָן דעם קלאוק מאַרקעט און יעדער טראָק, וואָס פירט וואָרע פאַר קלאוקס אָדער פאַרטיג געמאַכטע אַרבייט, ווערט אָפּגעשטעלט און עס ווערט פאַרשריבען אויף ספּעציעלע קאַרטען ווי פיל וואָרע אָדער קלאוקס עס ווערט געפירט, פון וועמען זיי זיינען געשיקט און צו וועלכער פירמע דאָס גייט.

די טשערליים פון די שעפּער ווידער, ווערט אַרויס־געגעבען ענליכע קאַרטען וואו זיי מוזען פאַרשרייבען יעדען גאַרמענט, וואָס קומט אַריין צו זיי אין שאַפּ, פון וועלכען מאַנופאַקטשורער די אַרבייט איז, די סטייל נו־מער און ווען זיי זיינען אויפגעמאַכט געוואָרען. די רע־קאָרדס האָרפען די טשערליים ברייגגען אין דער יוניאָן יעדע וואָך. די צווייערליי רעקאָרדס פון די אונטערזוכער און די, וואָס עס שיקען אַריין די טשערליים, ווערען פאַרגליכען איינע מיט די צווייטע און אויב זיי שטימען ניט, ווערט גלייך געמאַכט ווערען אַן אונטערזוכונג אַרויס־

צוגעפונען וואו די איבעריגע אַרבייט איז אוועקגעגעבען געוואָרען.

דזשענעראַל מענעדזשער, איזידאָר נאַגלער, פון דער קלאוק דזשאָינט באָארד האָט אויסגעאַרבייט די איינצעל־הייטען פון דעם קאָנטראָל סיסטעם און סאָל מעץ, מע־נעדזשער פון לאָקאַל 102, פירט אָן מיט דער אַרבייט. רעדענדיג וועגען דעם ניי־איינגעשטעלטען סיסטעם, האָט נאַגלער ערקלערט:

„איך בין צופרידען, וואָס מיר האָבען אויסגעאַר־בייט און איינגעשטעלט אַ סיסטעם פון קאָנטראָל, וואָס וועט מאַכען אוממעגליך, אַז באַנדלאַך זאָל אויסרינען, ווי דאָס פלעגט פריהער פּאַסירען. דאָס וועט באַשיצען די רעכטען פון די אַרבייטער און די לעגיטימע אַרבייטס־געבער אין דער קלאוק אינדוסטריע. „בוטלעג" פּראָדוק־ציע אין דער קלאוק און סוט אינדוסטריע איז דער רעזול־טאָט פון די אָנשטרענגונגען פון אַ גאַנץ קליינעם פּראָ־צענט בעלי בתים, וועלכע זוכען צו געווינען פאַר זיך אַ ניט יושרדיגען פאָרצוג אין זייער קאָנקורענץ געגען אַנדערע אַרבייטסגעבער. דאָס וועט איצט אָפּגעשטעלט ווערען. די גאַנצע מאַכט פון דער יוניאָן איז הינטער די מאַשינערי און דער ציל מוז פאָלשטענדיג דערגרייכט ווערען. ניט נויטיג צו זאָגען, אַז אין די פאַלען, וואָס וועלען אויפגעדעקט ווערען, וואו מען האָט פאַרבראָכען געגען דעם אַגרימענט, וואָס די יוניאָן האָט מיט די בעלי בתים, וועלען אָנגעווענדעט ווערען אַלע מיטלען, וואָס די יוניאָן פאַרמאָגט עס אָפּצושטעלען. דאָס קייקלען זיך פון די באַנדלאַך אין פּלעצער, וואו זיי טאָרען ניט אויפ־געמאַכט ווערען איז שעדליך סיי פאַר די אַרבייטער און סיי פאַר די פירמעס, וועלכע קומען נאָך זייערע פאַרפליכ־טונגען אונטער'ן אַגרימענט. דאָס מוז און וועט אָפּגע־שטעלט ווערען.

## יוניאָן פאַרשטאַרקט אויך קאָנטראָל אויף מעניש סטייל סוטס.

דורך דעם מאַנאַט איז אויך פאַרשטאַרקט געוואָרען דער קאָנטראָל פון דער יוניאָן איבער די שעפּער, וואו עס ווערען געמאַכט די מעניש סטייל סוטס. דער אָווער־לעפּינג דעפּאַרטמענט פון דער אינטערנעשאָנאַל האָט אָפּגעשטעלט די אַרבייט אין עטליכע און צוואַנציג מאַנו־פעקטשורינג שעפּער און אין 40 קאָנטראַקטינג שעפּער, וועלכע זיינען ניט אָנגעשלאָסען אָן די קלאוק אַסאָסיאיי־שאָנס. אַ גרויסע צאָל פון די מאַנופאַקטשורערס האָבען זיך שוין געווענדעט צו דער יוניאָן נאָך סעטלעמענטס און אונטערהאַנדלען וועגען אַגרימענטס. עס ווערט ער־וואַרטעט, אַז אין דער גאָר נאָענטער צוקונפט זאָל אויך דער בראַנטש פון דער קלאוק אינדוסטרי געסעטעלט ווערען און זאָל איינגעשטעלט ווערען אונטער יוניאָן קאָנטראָל.

ווי דזשאָרדזש ווישניאַק, מענעדזשער פון אָווערלע־פּינג דעפּאַרטמענט פון דער אינטערנעשאָנאַל גיט איבער, האָבען די פאַרטרעטער פון דער אמאַלגעמייטעד געגעבען דער יוניאָן פולע קאָאָפּעראַציע אין די סטאַפּעדזשעס, לויט דעם אָפּמאַך, וואָס די קלאוק דזשאָינט באָארד האָט מיט דער יוניאָן געשלאָסען מיט עטליכע מאָנאַטען צוריק. די אַלע סעטלעמענטס ווערען געמאַכט אויפן באַזיס פון אַן העכערונג פון 25 פּראָצענט איבער די פּרייזען פאַר דער זעלבער סאָרט אַרבייט אונטער דעם אַמאַלגאַמייטעד אַגרימענט. די אמתע העכערונג אָבער איבער די פּרייזען, וואָס זיינען אין די שעפּער געצאָלט געוואָרען פאַר דער אַרבייט פריהער, איז אַרום 35 פּראָצענט.

## קלאוס פינישערס לאָקאַל 9 באַשליסט $5 טעקס פאַר אַרבייטלאָזע

די קלאוק פינישערס יוניאָן לאָקאַל 9, האָט ביי אַ מעמבער מיטינג באַשלאָסען צו טעקסען אַלע זייערע מיטגלידער, וועלכע אַרבייטען, מיט פינף דאָלאַר, צו שטיצען די אַרבייטסלאָזע מיטגלידער, וועלכע האָבען ניט קיין דזשאָבס.

דער מיטינג האָט אָנגענומען דעם באַשלוס נאָך אַ לאַנגער און הייסער דעבאַטע אין וועלכע עס האָבען זיך באַטייליגט אַ גרויסע צאָל מיטגלידער, וועלכע האָבען פאָרגעשלאָגען פאַרשיידענע אַנדערע פּלענער. דער אָנ־גענומענער באַשלוס, וועלכער איז אַריינגעבראַכט געוואָ־רען אַלס רעקאָמענדאַציע פון דער עקזעקוטיווע, ענט־האַלט פאָלגענדע פונקטען.

דער טעקס זאָל באַשטעהן פון 5 דאָלאַר; אַלע פינישערס, וועלכע האָבען אינגאַנצען ניט קיין שעפּער, זאָלען באַקומען פאַר 4 וואָכען צייט צו 10 דאָלאַר אַ וואָך, וואָס דאָס מיינט 40 דאָלאַר; די, וועלכע זיינען טיילווייז אַרבייטסלאָז, זאָלען זיך ווענדען צו דער קאָמיטע וועגען אַרבייטסלאָזע; אַ קאָמיטע פון 3 זאָל ביים מיטינג ער־וועהלט ווערען, וואָס זאָל פאַרוואַלטען מיט'ן פאָנד. די דאָזיגע קאָמיטע זאָל אַרבייטען געמיינשאַפטליך מיט דער פינאַנץ קאָמיטע; צוליב דעם, וואָס עס איז ניטאָ קיין פריהער־צוגעגרייטע געלט פאַר אַזעלכע צוועקען, זאָל דער טעקס קאָלעקטירט ווערען ביז'ן 15טען מערץ; די וועלכע זיינען אינגאַנצען אַרבייטסלאָז, זאָלען באַפרייט ווערען פון דעם טעקס; די צאָהלונגען צו די אַרבייטס־לאָזע זאָלען זיך אָנפאַנגען דעם 20טען מערץ.

די אַדמיניסטראַציע האָט אין פאַרבינדונג מיט'ן אָנגענומענעם טעקס צו העלפען די אַרבייטסלאָזע, אַרויס־געלאָזען אַן אַפּיעל צו די מיטגלידער צו צאָהלען דעם טעקס אַזוי שנעל ווי מעגליך.

ווי געזאָגט, איז ביים מעמבער מיטינג פאָרגעקומען אַ גאַנץ הייסע דעבאַטע איבער דער רעקאָמענדאַציע. איזידאָר סאַרקין, מענעדזשער פון לאָקאַל, האָט געהאַלטען די הויפּט רעדע, פאַרטיידיגענדיג די רעקאָמענדאַציע פאַרן 5 דאָלאַר טעקס. ער האָט ערקלערט, אַז וואָלט די פינאַנציעלע לאַגע פון לאָקאַל געווען אַ גוטע, וואָלט דער לאָקאַל איצט ניט געקומען מיט אַ רעקאָמענדאַציע פון אַ $5 טעקס. ער האָט דורך ציפערען, וואָס ער האָט פאָרגעלייגט געזוכט צו באַווייזען, אַז דער לאָקאַל קען זיך אַנדערש ניט העלפען ווי אַרויפצולייגען אַ 5 דאָלאַר טעקס; ער האָט ערקלערט, אַז פאַר דער פיהרערשאַפט פון לאָקאַל 9 איז געווען זייער שווער צו קומען מיט דער טעקס־רעקאָמענדאַציע, זייענדיג באַקאַנט מיט די שלעכ־טע באַדינגונגען וואָס הערשען אין טרעיד. ער האָט אויך ערקלערט, אַז דער לאָקאַל האָט מיט זיינע באַגרע־ניצטע פינאַנציעלע מיטלען געהאָלפען די נויט־באַדערפ־טיגע מיטגלידער דורך רעליף און ביישטייערונגען מיט 15,000 דאָלער; אַז דער לאָקאַל האָט גוטגעמאַכט די דיוס צאָהלונגען פון פילע מיטגלידער. סאַרקין האָט געענדיגט מיט אַן אַפּיל אָנצונעמען די טעקס־רעקאָמענדאַציע.

אין דער קאָמיטע פון 3, וואָס איז ערוועהלט געוואָ־רען צו פאַרוואַלטען מיט'ן פאָנד זיינען אַריין: „קירשענ־באום, שוירמען און גערטלער.

## דרעס דזשאָינט באָרד שטעלט איין אַרבייטס ביוראָ פאַר סעמפּעל מאַכער

די דרעס דזשאָינט באָארד, האָט איינגעשטעלט אַ ספּעציעלען דעפּאַרטמענט אין דער יוניאָן פאַר די סעמ־פּעל מאַכער אין טרייד, וועלכע האָבען ביז איצט געליטען פון ספּעציעלע איבלען. דער ערגסטער פון די איבלען, איז געווען די סיסטעם פון קריגען דזשאָבס דורך פּריי־וואַטע עמפּלוימענט אײדזשענסיס, וועלכע פּלעגען ביי זיי אוועקנעמען שווערע עטליכע דאָלער פאַר אַרויסשיקען זיי אויף אַ פּלאַץ, וועלכער האָט אָפט אָנגעהאַלטען בלויז אַ פּאָר וואָכען.

דער נייער דעפּאַרטמענט, וועלכער איז געשטעלט געוואָרען אונטערן אויפזיכט פון מיס ענן גולד, וועט ערשטענס, דינען פאַר אַ באַשעפטיגונגס ביוראָ פאַר די סעמפּעל מאַכער. עס וועט אויך אויפגענומען ווערען אַלע קלאַגען פון סעמפּעל מאַכער געגען בעלי בתים און זיי איבערשיקען צו די געהעריגע ביזנעס אײדזשענטס צום אָטענדען.

אַן אויפפאָדערונג איז אַרויסגעשיקט געוואָרען פון אָפיס דורך די ביזנעס־אײדזשענטס צו אַלע מאַנופעק־

מוז איצט די פירמע צאָלען די זעקס ענטזאָגטע מיטגלידער צו זעקס מאָנאַטען ווידזשעס פאר דער צייט, וואָס זיי זיינען געווען אויסער ארבייט.

מיר האָפען, אַז אָט די פאַסירונג וועט דינען פאר אַ לעקציע צו אנדערע פאַרביסענע בעלי בתים אין יענעם געגענד, אַז עס באַצאָלט זיך ניט אָוועקצושיקען יוניאָן מיטגלידער. נאָך אַלעמען באַגרייפען דאָך די בעלי בתים, אַז עס איז שוין בעסער צו צאָלען די יוניאָן לייט שכירות פאר דער ארבייט, וואָס זיי מאַכען אין שאָפּ איידער צאָלען זיי שכירות פאר דער צייט, וואָס זיי האָבען ניט געקענט ארבייטען צוליב דעם וואָס דער באָס האָט זיי אנטזאָגט...

## צוויי שעפּער אין פּענסילווייניע סעטלען מיט דער יוניאָן.

די „מאונט קארמעל בלאַוז קאָמפּאַני" פון מאונט קארמעל פּענסילווייניע, וועלכע באַשעפטיגט 75 ארבייטער, האָט דעם מאָנאַט אונטערגעשריבען אַן אגרימענט מיט'ן קאטאָן גארמענט טרייד דעפּאַרטמענט איינשטעלענדיג אַ קלאָוזד יוניאָן שאָפּ, יוניאָן סטאַנדארדס און העכערונגען אויף די שכירות. די פארהאַנדלונגען האָט אָנגעפירט ארגאַנייזער עדווארד טאָבין.

„בערסאָן און בישאָפּ" פון ווייספּאָרט פּענסילווייניע, אַ קאטאָן דרעס שאָפּ, וועלכע באַשעפטיגט 50 בעלי מלאכות, האָט אונטערגעשריבען אַ יוניאָן קאָנטראַקט אלס רעזולטאַט פון די פארהאַנדלונגען, וואָס עס האָט אָנגעפירט אָרגאַנייזער מייקעל דזשאָנסאָן. דער אגרימענט האָט איינגעשטעלט אין דעם שאָפּ אַ 40 שטונדיגע ארבייטס וואָך, העכערונגען אויף די שכירות און אַ מינימום ווידזש סקעיל.

## ארבייטער אין פיר שעפּער קריגען העכערונגען דורך טשילדרען דרעס אגרימענט אין ניו יאָרק.

די ארבייטער פון פיר טשילדרען דרעס שעפּער אין דער טעריטאָריע פון דעם קאטאָן גארמענט טרייד דעפּאַרטמענט האָבען געקראָגען געהעכערט זייערע שכירות מיט 5 און 10 פּראָצענט אַלס דירעקטען רעזולטאַט פון דעם נייעם אגרימענט, וואָס לאָקאַל 91 האָט געשלאָסען מיט די ארבייטס־געבער פון דעם טרייד אין ניו יאָרק. די פיר שעפּער זיינען: „קאָמוירשעל טשילדרען דרעס קאָ." פון הייבערידזש, ניו דזשוירזי; „דזשאַק העלפגאָט" פון פּענן אַנגעל פּענסילווייניע; „גארפין און סאָלאָמאָן" פון טרענטאָן ניו דזשוירזי און די „פרענקלין דרעס קאָ." פון לאַנקעסטער, פּענסילווייניע.

## אין איסטערן אוט אָוו טאַון דעפּאַרטמענט

וויס פּרעזידענט הערי וואַנדער, מענעדזשער פון דעם איסטערן אוט אָוו טאַון דעפּאַרטמענט פון דער אינטערנעשאָנאַל, ווייזט אָן אויף אַ שפּאָגעל נייער פּראָבלעם, מיט וועלכע עס קומט אויס דעם דעפּאַרטמענט צו ראַנגלען זיך די לעצטע צייט. דאָס איז דער פּראָבלעם פון די גאָר ביליגע ליין דרעסעס, די $1.37 ליין.

אין דער פאַרגאַנגענהייט איז די פראַגע זעלטען אויפגעקומען, ווייל די מיטגלידער אין די דרעס שעפּער, וואָס שטייהען אונטערן קאָנטראָל פון דעם אוט אָוו טאַון דעפּאַרטמענט האָבען געהאַט גענוג ארבייט אויף די רעגולערע סילק דרעסעס און זייער ווייניג פון זיי האָבען געארבייט אויף דער ביליגער ליין ארבייט. זינט אָבער לעצטען הערבסט, ווען עס איז געוואָרען אויסער געוויינליך סלעק אין די רעגולערע דרעס ליין, האָבען מאַנכע קאָנטראַקטאָרס אָנגעהויבען אריינעמען די ביליגע דרעסעס איידער דארפען אין גאַנצען שליסען די שעפּער.

די ארבייטער האָבען אָבער שנעל אויסגעפונען, אַז אויף די אַזוי גערופענע ביליגע ארבייט, כאָטש דער פּרייז, וואָס מען צאָלט פאַר דעם איז זייער נידעריג, פּאָדערט זיך אָבער פּאַקטיש כמעט אַזוי פיל ארבייט, ווי אויף די רעגולערע $3.75 ליין אַזוי, אַז די בעסטע אָפּערייטאָרס, וועלכע זיינען באַרעכטיגט צו אַ מינימום סקייל פון וויניגסטענס 22 דאָלאַר אַ וואָך קענען ביי דער ארבייט קוים אויסמאַכען 16-17 דאָלאַר אַ וואָך.

דער איבעל האָט באַרירט ניט בלויז די שעפּער אוט אָוו טאַון, נאָר אויך מאַנכע ניו יאָרקער שעפּער.

די ארבייטער זיינען געוואָרען שטאַרק אויפגעבראַכט, און מיט רעכט. די דרעס דזשאָינט באָארד נעמט זיך אין גיכען אָנווענדען די נויטיגע מיטלען צו פארבעסערן די לאַגע און געפינען אַ לעזונג דערצו.

„די שוועריגקייט ווערט פארגרעסערט צוליב דעם, — דערקלערט וויס־פּרעזידענט הערי וואַנדער, — וואָס די דזשאָבערס פון די רעגולערע ליינס דרעסעס, וועלכע האָבען זיך איצטער גענומען פּראָדוצירען די ביליגע ליין, האָבען ארויסגעגעבען די סאָרט ארבייט אין אנדערע שעפּער, וועלכע האָבען נידעריגערע סקיילס און סטענדערדס ווי די דרעסמאַכער. די ביליגע דרעס קען לייכט געמאַכט ווערען אין קאטאָן דרעס שעפּער וואו די געזעצליכע סטענדאַרדס פון שטונדען און ווידזשעס איז פיל נידעריגער ווי ביי אונז און די ארבייטער אין יענע שעפּער זיינען צופרידען אויב זיי קענען מאַכען זייערע מינימום סקיילס. פאַר די דזשאָבערס לוינט זיך עס נאַטירליך און כאָטש זיי זיינען פארפליכטעט אונטערן אגרימענט צו מאַכען זייער גאַנצע ארבייט אין שעפּער פון זייערע רעדזשיסטרירטע קאָנטראַקטאָרס, גיבען זיי דאָך דעם ליין ארבייט ארויס אין די אנדערע שעפּער. אונזערע ארבייטער גייהען דורך דעם אָרום אָן ארבייט און אויך די געזעצליכע קאָנטראַקטאָרס, וועלכע וואָלטען געדאַרפט קריגען די אָרבייט זיינען אומצופרידען און פּראָטעסטירען.

„דערווייל, ניט האָבענדיג קיין אַנדער ברירה, נעמען זיי די ארבייט און מוזען קאָנקורירען אין פּרייז מיט די ביליגע שעפּער. דאָס האָט זיך זייער שלעכט אָפּגערופען אויף די פאַרדינסטען פון די ארבייטער.

„די לעצטע צייט ווייזט זיך אַ שטיקעל פארבעסערונג אין דער לאַגע. עס ווייזט זיך אַ ביסעל מער ארבייט אין דער רעגולער דרעס ליין און אין מאַנכע שעפּער איז דערווייל די פּראָבלעם פון די ביליגע דרעסעס אָפּגעשטופּט געוואָרען אָן אַ זייט. דאָס מיינט ניט, אַז מיר קענען שוין די פראַגע צורו לאָזען. אַ לעזונג פון דער פראַגע מוז געפונען ווערען און וואָס גיכער דאָס בעסער.

די דרעס דזשאָינט באָארד, ווי געזאָגט, פארנעמט זיך איצטער מיט איינשטעלען דורך אַן אגרימענט מיט די בעלי בתים, אַ באַשטימטען סקייל פון פּרייזען פאַר דער ביליגער ליין דרעסעס. מיר האָבען גרונט צו האָפען אַז עס וועט שוין לאַנג ניט נעמען און די פראַגע וועט געלעזט ווערען פּונקט ווי אונזער יוניאָן האָט געלעזט אַלע אירע אנדערע פּראָבלעמען, מאַנכע פון וועלכע עס זיינען געווען פיל שווערער און פארפּלאָנטערטער פון דער פראַגע וועגען דער $1.37 דרעס".

## וויס־פּרעזידענט קאַטאָווסקי געעהרט ביי באַנקעט אין קליוולאַנד.

די קליוולענדער דזשאָינט באָארד האָט געעהרט זייער מענעדזשער, וויס־פּרעזידענט קאַטאָווסקי, ביי אַ פּראַכטפולען באַנקעט און באַל וואָס איז געגעבען געוואָרען אין האָלענדען האָטעל, שבת אוונט, דעם 5טען פעברואַר.

דער ריזיגער זאַל איז געווען איבערפילט מיט מיטגלידער פון דער יוניאָן, ארבייטער־פירער פון אנדערע אָרגאַניזאַציעס און פריינד, וועלכע זיינען געקומען זיך משמח זיין מיט ברודער קאַטאָווסקי'ס ערהאָלונג פון דער מערדערליכער אַטאַקע וואָס שונאים פון דער יוניאָן האָבען אויף אים געמאַכט.

דער גאַנצער זאַל איז געווען אָנגעפילט מיט בלומען צוגעשיקט פון זיינע צאָלרייכע פריינד און אָרגאַניזאַציעס. עס איז דורכגעפירט געוואָרען אַ רייכע מוזיקאַלישע פּראָגראַם.

לואיס פריענד, קאַטאָווסקי'ס לעבענס לאַנגער פריינד און חבר, איז געווען דער טאָאַסט מייסטער. עס האָבען גערעדט פּרעזידענט דובינסקי, ערשטער וויס־פּרעזידענט אַנטאָניני, דער לאָיער פון דער יוניאָן וויליאם דזש. קאָריגען, בעריל פּעפּערקאָרען, פּרעזידענט פון דעם אינדאַסטריעל קאָונסיל פון קליוולענד און אייברעהעם פּלאָטקין, אינטערנעשאָנעל אָרגאַנייזער פון שיקאַגאָ. נייטען סאָלאָמאָן האָט איבערגעגעבען קאַטאָווסקי'ן אַן אָרדער פון דער דזשאָינט באָארד צו נעמען אַ מאָנאַט וואַקאַציע.

דער בעל שמחה, קאַטאָווסקי, איז צולעצט פארגעשטעלט געוואָרען און איז אויפגענומען געוואָרען פון די פאַרזאַמעלטע מיט שטורעמדיגע אַפּלאָדיסמענטען. ער האָט וואַרעם באַדאַנקט די אַלע, וועלכע האָבען אים ערמוטיגט און געהאָלפען דורך דער צייט פון זיין קראַנקהייט. ער האָט געזאָגט זיינע פריינד און קאָלעגען אַז זיי האָבען אים פאַקטיש צוריק צום לעבען געבראַכט און האָט זיך פארפליכטעט אויך ווייטער צו ווידמען זיין לעבען צו די אינטערעסען פון די מיטגלידער און דער ארבייטער באַוועגונג.

# דרעסמאַכער יוניאָן אין טאָראָנטאָ באַנייט אגרימענט מיט העכערע שכירות און בעסערע באַדינגונגען

די דרעסמאַכער יוניאָן אין טאָראָנטאָ, קענעדע, האָט דעם מאָנאַט אונטערגעשריבען אַ נייעם אגרימענט מיט די דרעס מאַנופעקטשורערס מיט באַדייטענדיגע געווינסען פאַר די ארבייטער פון טרייד. דער אגרימענט איז פאַר צוויי יאָר.

ווי היימאַן לאַנגער, מענעדזשער פון דער קלאָוק און דרעסמאַכער יוניאָן אין טאָראָנטאָ, מעלדעט אין אַ טעלעגראַמע צו פּרעזידענט דובינסקי, האָבען די קאַטערס געקראָגען אַ העכערונג אויף זייערע שכירות פון צוויי און דריי דאָלער אַ וואָך; די פינישערס און דרעיפּערס, וועלכע ארבייטען פון וואָך, האָבען געקראָגען אַ העכערונג פון 1 דאָלער אַ וואָך יעדע; פאַר די אָפּערייטאָרס איז איינגעשטעלט אַ מינימום פאַר דורכשניטליכע ארבייטער פון 28.60 דאָלער וועלכע זיי מוזען אויסמאַכען. אויב די ארבייטער קענען אויף אַ געוויסען סטייל ניט אויסמאַכען דעם מינימום לויט די געסעטעלטע פּרייזען, דאַרף דער פּרייז געהעכערט ווערען.

פאַר די פּרעסערס איז אין דעם נייעם אגרימענט איינגעפירט געוואָרען אַ סקעדיול לויט וועלכען די פּרייזען וועלען געסעטעלט ווערען. אנשטאָט וואָס ביז איצט פלעגען די פּרעסערס סעטלען פּרייזען טרעפענדיג און פלעגען זיך גאַנץ אָפט אָפּנאַרען אין פּרייז אַזוי, אַז זיי פלעגען ניט קענען אויסמאַכען זייערע ווידזשעס.

די פראַגע פון ארבייטס שטונדען איז געסעטעלט געוואָרען מיט אַ קאָמפּראָמיס. די יוניאָן האָט געפּאָדערט מען זאָל גלייך פאַרקירצען די ארבייטס צייט צו פערציג שטונדען אַ וואָך. געסעטעלט האָט מען אַז דעם ערשטען יאָר פון דעם אגרימענט, דאָס הייסט דורך 1938, בלייבט די ארבייטס וואָך 44 שטונדען. דעם צווייטען יאָר, 1939, וועלען די דרעסמאַכער ארבייטען בלויז 40 שטונדען אַ וואָך, ניט פארלירענדיג דערביי פון זייערע ווידזשעס.

כאָטש די דרעס באַלעבאַטים אין טאָראָנטאָ זיינען דערווייל ניט אָרגאַניזירט אין אַן אַסאָסיאיישאָן פאָרמעל, איז דאָך דער אגרימענט אַ קאָלעקטיווער. עס ווערט פארשטאַנען, אַז זיי וועלען זיך אין גיכען אָרגאַניזירען אין אַן אַסאָסיאיישאָן, וועלכע וועט נעמען אויף זיך די פאַרפליכטונגען פון דעם אגרימענט און נאָכקומען די פאַרפליכטונגען. עס איז אויך איינגעשטעלט געוואָרען די נויטיגע מאַשינערי צו שליכטען סכסוכים מיט אַן אומפּאַרטייאישען טשערמאַן.

די פארהאַנדלונגען מיט די באַלעבאַטים פון דער יוניאָן'ס צד האָט אָנגעפירט היימאַן לאַנגער, מענעדזשער, די בעאַמטע פון דער טאָראָנטאָ דזשאָינט באָארד און אַ קאָמיטע פון די ארבייטער.

## פּאַסקוואַלע מוטשיגראַסי

באַאַמטע און פירער פון דער קלאָוק דזשאָינט באָארד דריקען אויס זייער טרויער אויפ'ן טויט פון פּאַסקוואַלע מוטשיגראַסאָ, געוועזענער מענעדזשער פון אָרגאַניזיישאָן דעפּאַרטמענט, וועלכער איז געשטאָרבען דעם פערטען פעברואַר, נאָך אַ פארצויגענער קראַנקהייט און שיקען זייער מיטגעפיל צו דער פאַמיליע פון דעם פארשטאָרבענעם.

דער פארשטאָרבענער איז געווען געשעצט און געאַכטעט ביי די קלאָוקמאַכער. אלס איינער פון די עלטעסטע יוניאָן מיטגלידער איז מוטשיגראַסאָ געווען לאַנגע יאָרען אַן עקזעקוטיוו באַאַמטער אין לאָקאַל 48 און האָט לאַנג געדינט אין דעם אָרגאַניזיישאָן דעפּאַרטמענט פון דער דזשאָינט באָארד.

אַלע קלאָוק לאָקאַלס האָבען ארויסגעוויזען זייער אַכטונג צום פארשטאָרבענעם דורך שיקען מיטגעפיל טעלעגראַמען צו דער פאַמיליע און פיל האָבען זיך באַטייליגט אין דער לויה.

מיטגלידער שטייען הינטער אונז און מיר מוזען פארזעצן די ארבייט. ווען איך וועל ארויס פון טורמע, וועל איך זיך ווידער אנשליסען אן פיקעט־ליין".

שייפער איז ניט דער איינציגער קרבן פון די באסעס און דער ברוקלין טשעמבער אוו קאמערס צווישען די ניט־גודס ארבייטער. עס איז זייער מעטאדע צו פרובירען אנהאלטען די סוועט־שאפ באדינגונגען אין ברוקלין. זיי האבען געטאן אלץ וואס זיי האבען נאר געקענט צו דיסקרעדיטירען אונזער יוניאן. דאס איז זיי אבער ניט געלונגען. דאס וואס דער ארגאניזאציאנס קאמפיין ווערט פארגעזעצט און אפשטעל האט די האפענונג זייערע צעשמעטערט.

אט די אלע טריקעס און בלבולים, האבען ניט אפגעשוואכט די יוניאן טעטיגקייטען. דורך די לעצטע עטליכע וואכען האט די ניט־גודס יוניאן אנגעפירט צען סטרייקס געגען די פאלגענדע פירמעס: „פריענדלי", שארף און בריט", „שטראוס", „אנאטאן און קאמפאני", „בלום ניטוועער", „לעאן לעווין", „פי קעי", „ע. און ס.", „סאנשיין" און „קייזער". אכט פון די סטרייקס זיינען געסעטעלט געווארען; די איבעריגע ווערען פארגעזעצט ביז זיי וועלען אונטערשרייבען א יוניאן אגרימענט.

א קאמיטע פון די ניט־גודס ארבייטער דזשאינט קאונסיל איז אויסגעקליבען געווארען צו זען זיך מיט פרעזידענט דובינסקי, אויסצוארבייטען דער יוניאנס פאדערונגען און איר פראגראם צו דער באנייאונג פון דעם אגרימענט מיט די בעלי בתים קומענדען יולי. די עקזעקוטיוו באארד האט אויך באשטימט א קאמיטע פון טשערלייט, וועלכע זאל צוזאמען מיט דער קאמיטע אויסארבייטען פלענער צו מאביליזירען די מיטגלידער און זיי צוגרייטען צו דער באנייאונג פון אגרימענט.

די עקזעקוטיוו פון דער יוניאן האט אנגענומען א רעזאלוציע פארשפרעכענדיג דער פאריער יוניאן פולע שטיצע געגען דעם לאק־אוט פון די באסעס.

דעם 12־טען מארטש, וועט פארקומען דער פינפטער יערליכער באל פון דער ניט־גודס מאכער יוניאן אין ארקיידיא האל, 918 האלסי סטריט, ברוקלין. די יוניאן ערווארט, אז יעדער מיטגליד זאל קומען און דעמאנסטרירען די איינינקייט פון די ארבייטער און זייער איבערגעבענהייט צו דער יוניאן. פארטרעטער פון אנדערע לאקאלס פון דער אינטערנעשאנאל און פון אנדערע יוניאנס ווערען ערווארטעט אנוועזענד צו זיין ביים באל.

די יוניאן האט אויך גענומען דעם גאנצען טעאטער פאר „פינס און נידעלס" פאר זונטאג נאכמיטאג, דעם 27־טען מארטש, צו געבען די מיטגלידער א געלעגענהייט צו זען די ריוויו.

# אין קאטאן גארמענט טרייד דעפארטמענט

די קאטאן גארמענט דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנאל, האט דעם מאנאט דורכגעפירט א קאנפערענץ פון פארטרעטער פון שעפער אונטערן קאנטראל פון דעם דעפארטמענט אין פיר סטייטס, וועלכע איז געווען א מיניאטור קאנווענשאן פון דער אינטערנעשאנאל. די באריכטען און רעזאלוציעס, וואס זיינען אויסגעהערט געווארען און אנגענומען געווארען ביי דער קאנפערענץ זיינען פון אויסערגעווייגליכער וויכטיגקייט פאר די אינטערנעשאנאל יוניאנס און מיטגלידער און אויך פאר דער טרייד יוניאן באוועגונג אין אלגעמיין.

די קאנפערענץ איז געווען די צווייטע אין דער געשיכטע פון דעם קאטאן גארמענט טרייד דעפארטמענט. לעצטעס יאהר האט דער דעפארטמענט געהאט צוויי אזוינע געגענד־קאנפערענצען און איינזעהענדיג די נוצליכקייט פון אזוינע צוזאמענפארען, איז באשלאסען געווארען צו האלטען אזוינע יערליכע קאנפערענצען רעגעלמעסיג. די הייאריגע קאנפערענץ אין סקרענטאן, פענסילוויניע, איז געווען פיל גרעסער אין דער צאל דעלעגאטען און שעפער, וואס זיינען געווען פארטראטען און אין ערענסטקייט און וויכטיגקייט פון די אנגענומענע באשלוסען.

די קאנפערענץ איז אראנזשירט געווארען פון א קאמיטע פון דיסטריקט קאונסיל פון דער אינטערנעשאנאל אין סקרענטאן און אומגעגענד. עס זיינען דארט געווען פארטראטען הונדערט שעפער דורך צוויי הונדערט דעלעגאטען און דער גאנצער סטעף פון דעם דעפארטמענט אין די פיר סטייטס, וואו די שעפער געפינען זיך. די סטייטס זיינען: אפ סטייט ניו יארק, סענטראל ניו דזשוירזי, דעלעווער און פענסילווייניע. פרעזידענט דובינסקי איז באגעגנט געווארען זעקס מייל הינטערן שטאט פון די דעלעגאטען און מיטגלידער אין קארס און איז אריינגעבראכט געווארען אין סקרענטאן מיט א פאראד פראצעסיע פון צענדליגער קארס און מאטאר סייקעלס.

דער וויכטיגסטער באריכט איז געווען דער, וואס וויים פרעזידענט רייזבערג, מענעדזשער פון דעם דעפארטמענט האט אפגעגעבען וועגען דעם וואוקס אין מיטגלידער און שעפער אין דעם דעפארטמענט דורך דעם פארגאנגענעם יאר. ער האט אנגעוויזען, אז לעצטעס יאר זיינען ביים קאנפערענץ געווען פארטראטען ארום הונדערט דעלעגאטען פון אומגעפער 8,000 מיטגלידער און היי יאר זיינען ביים קאנפערענץ דא 220 דעלעגאטען וועלכע פארטרעטען 16,577 מיטגלידער, ארגאניזירטע ארבייטער אין די פרויען קליידער טריידס אין דער טעריטאריע. ער האט אויך אנגעוויזען אויף וויפיל די באדינגונגען פון די נייע טויזענדער ארבייטער, וואס זיינען דורך דעם יאר ארגאניזירט געווארען, איז פארבעסערט געווארען און אויף ווי פיל די יוניאן אלס גאנצע איז דורך דעם געקרעפטיגט געווארען.

מער איינצעלהייטען וועגען דעם וואוקס פון דער יוניאן אין די פארשיידענע שטעט און געגענדען און די שווערע קאסטען וואס די יוניאן האט דורך דעם יאר דורכגעמאכט, האבען ענטהאלטען די באריכטען פון די פיר אויפפאסער אין די פיר סטייטס: פייגעל לעווין, אדא ראוז, סערע לימבאך און דייוויד גינגאלד, יעדער האט באריכטעט פאר זיין סטייט.

א שטארקע איינדרוקספולע רעדע, רייך אין אינהאלט, האט געהאלטען פרעזידענט דובינסקי ביים באנקעט, וואס די מיטגלידער פון דער יוניאן אין סקרענטאן האבען געגעבען פארן פרעזידענט און דעלעגאטען. ארום 15 הונדערט מיטגלידער און געסט זיינען געווען פארזאמעלט אין זאל צו הערען די רעדעס און פארברייגען מיט די דעלעגאטען, פירער און געסט. פרעזידענט דובינסקי האט אנגעוויזען, אז טראץ דעם נייעם קריזיס און ארבייטסלאזיגקייט, איז די מיטגלידערשאפט פון דער אינטערנעשאנאל כסדר געוואקסען און ווערט גרעסער פון מאנאט צו מאנאט. ער האט אנגעוויזען, אז טראץ דער שווערער אינדוסטריעלער לאגע אין לאנד פון וועלכע די פרויען קליידער אינדוסטרי האט געליטען ניט ווייניגער און נאך אפשר מער ווי אנדערע טריידס, האט דאך די אינטערנעשאנעל איבעראל אויפגעהאלטען אירע סטאנדארדס און באדינגונגען. נאך מער, איבעראל, וואו מען האט דורך דעם יאר באנייט אגרימענטס, האבען די אינטערנעשאנאל יוניאנס געוואונען העכערונגען אויף די שכירות און בעסערע באדינגונגען.

דובינסקי האט אין זיין רעדע אויך זיך אפגעשטעלט אויף דעם אינערליכען קאמף אין דער טרייד יוניאן באוועגונג און קלאר געמאכט די שטעלונג פון דער אינטערנעשאנאל און איר ארבייט צו ברייגען פרידען. די באמערקונגען זיינע זיינען אויפגענומען געווארען פון די פארזאמעלטע מיט אומבאשרייבליכען ענטוזיאזם און אפלאדיסמענטן.

ביים קאנפערענץ זיינען אנגענומען געווארען פאלגענדע רעזאלוציעס איינשטימיג: די ארגאניזאציאנס ארבייט פון דעם געגענד זאל פארטגעזעצט ווערען ביז יעדער שאפ פון פרויען קליידער אין דעם דיסטריקט וועט זיין ארגאניזירט. די מיטגלידער זאלען זיך ארגאניזירען אין קאמיטעס אנצופירען די ארגאניזאציאנס ארבייט.

האלטען זיך פעסט געגען יעדען פארזוך פון די בעלי בתים צו שנײדען ווידזשעס אדער פרייזען פאר דער ארבייט.

זען, אז די מיטגלידער זאלען שיקען בריף צו די קאנגרעסלייט און סענאטארען אויפפאדערענדיג זיי צו ארבייטען און שטימען פארן מינימום שכירות און שטונדען געזעץ.

מיטארבייטען מיט די דזשאינט באארדס און לאקאלס, אז אנטלאפענע שעפער זאלען זיך ניט קענען באזעצען אין די געגענדען, וואו דער דעפארטמענט קאנטראלירט.

רעזאלוציעס זיינען אויך אנגענומען געווארען איינשטימיג גוט צו הייסען די ארבייט פון פרעזידענט דובינסקי פאר שלום אין דער ארבייטער באוועגונג און א דאנק רעזאלוציע צו דער עקזעקוטיוו פאר דער הילף וואס זי האט געגעבען דעם דעפארטמענט אין זיין ארבייט צו ארגאניזירען די שעפער. די קאנפערענץ האט אויך באשלאסען צו פרעזענטירן פרעזידענט דובינסקי און וויים־פרעזידענט רייזבערג מיט גראוויטע רעזאלוציעס פון דאנק און אנערקענונג פאר זייער געטרייער ארבייט, הילף און פירערשאפט פון דעם דעפארטמענט.

די קאנפערענץ האט אויך אויסגעארבייט א פראגראם פון בילדונגס און פארוויילונגס טעטיגקייט פאר די מיטגלידער אין דער טעריטאריע, דורך הילף פון דעם עדיוקיישאנעל דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנאל. מארק סטאר, דירעקטאר פון דעם עדיוקיישאנעל דעפארטמענט און פאניא מ. קאהען, סעקרעטערי זיינען אנוועזענד געווען ביים קאנפערענץ און אדרעסירט די פארזאמעלטע, וועלכע האבען זיי זייער ווארעם אויפגענומען.

די קאנפערענץ איז אויך באגריסט געווארען פון טשערמאן פון סענטראל לייבאר יוניאן פון סקרענטאן, דזשאהן דיווין, פון א פארטרעטער פון מעיאר און פון י. האלפערין און וויליאם ראוס פון מאסאטשוזעטס. באגריסונגס טעלעגראמען זיינען ערהאלטען געווארען פון פרעדריק אמהעי, עקזעקוטיוו סעקרעטער פון דער אינטערנעשאנעל, מאקס מ. דעניש, רעדאקטאר פון „דזשאסטיס"; פון דער לייבאר נאן פארטיזאן ליעג און פון די לאקאל יוניאנס אין דער טעריטאריע. דער סטעף פון פענסליוויניע האט באשאנקען זייער מענעדזשער גינגאלד מיט א זילבערנעם סעט אלס צייכען פון אנערקענונג.

# פולער זיג פאר דער יוניאן אין הוירקימער און קאנאנדאיגוא.

דער קאטאן גארמענט טרייד דעפארטמענט האט דורך דעם מאנאט פארצייכענט אן ענדגילטיגען זיג געגען דער „דוירבי ספארט וועאר קאמפאני" פון הוירקימער ניו יארק. אלע צוויי הונדערט און פופציג ארבייטער, וואס ווערען באשעפטיגט אין דער פירמע האבען שוין אריינגעגעבען זייער אפליקיישאן צו ווערען מיטגלידער אין דער אינטערנעשאנאל און די „דוירבי ספארט־וועאר קאמפאני" איז געווארען א הונדערט פראצענט יוניאן שאפ, מיט אן אגרימענט פאר קלאוזד שאפ, א 40 שטונדיגע ארבייטס וואך און אלע אנדערע יוניאן באדינגונגען.

ווען די הונדערט מיטגלידער פון אונזער יוניאן, זיינען ארויסגעגאנגען אין סטרייק געגען דער פירמע לעצטען זומער, האט די קאמפאני אונטער געשריבען אן אגרימענט מיט א קאמפאני יוניאן און גע'טענה'ט, אז זיי קענען ניט אנערקענען די אינטערנעשאנאל איבער דעם אגרימענט. די יוניאן האט אבער געבראכט די פראגע פאר דער נעשאנאל לעיבאר רילעישאנס באארד און די קערפערשאפט האט ארויסגעגעבען אן ענטשיידונג, אז די „דוירבי ספארט־וועאר עמפלאיס אינקא." איז א קאמפאני יוניאן, וועלכע די פירמע קען ניט אנערקענען נאכ'ן געזעץ. דורך די אכט וואכען, וואס עס האט געדויערט פון זינט דער סטרייק איז געענדיגט געווארען האט די פירמע אנערקענט אונזער יוניאן בלויז צו פארהאנדלען פאר אונזערע מיטגלידער. נאך דער ענטשיידונג אבער האבען זיי קיין אנדער ברירה ניט געהאט ווי צו פארהאנדלען מיט פארטרעטער פון דער אינטערנעשאנאל וועגען א פולען יוניאן אגרימענט. דער רעזולטאט איז געווען, דער איצטיגער קלאוזד שאפ אגרימענט.

די פארהאנדלונגען פאר דער יוניאן זיינען אנגעפירט געווארען פון טשארלס ה. גרין פון אינטערנעשאנאל אפיס צוזאמען מיט די ארגאנייזערס אל דעסער און גרעגארי בארדאקע. פייגעל לעווין, האט אנגעפירט די ארבייט צו פארוואנדלען דעם שאפ אין א קלאוזד יוניאן שאפ.

אין קאנאנדאיגא ווידער, האבען זעקס מיטגלידער אונזערע געקראגען צו גע'פסקנ'ט פון דער נעשאנעל לעיבאר רילעישאנס באארד זעקס מאנאטען שכירות יעדען דערפאר, וואס די פירמע האט זיי אנטזאגט פון דער ארבייט צוליב יוניאן טעטיגקייט.

די זעקס מיטגלידער האבען געארבייט פאר דער „מילער קארסעט קאמפאני", וועלכע האט ניט איבעריגס ליב יוניאנס און יוניאן לייט. מיט צוויי יאר צוריק, נאך א סטרייק, וואס מיר האבען אנגעפירט געגען דער פירמע האבען מיר געהאט א טיילווייזען געווינס און די פירמע האט פארשפראכען, אז זי וועט ניט דיסקרימינירען געגען די ארבייטער אין איר שאפ, וועלכע וועלען זיך אנשליסען אלס מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנאל. אט דעם פארשפרעכען האט אבער די פירמע ניט געהאלטען, און האט גענומען דיסקרימינירען און ארויסווארפען ארבייטער פון שאפ פאר באלאנגען צו דער יוניאן. מיר האבען געבראכט א קלאגע צו דער לעיבאר באארד און, ווי שוין געזאגט,

# אויפ׳ן דרעסמאכער פראנט

פון
**ג. מ. מינקאף**

מיר זיינען זיך, מודה ומתודה, אז עס איז אביסעלע שווערליך אנצופירען א קאמף אויף אלע פראנטען. עס איז דא א מאנגעל אין צייט און, בלא חרפתי, עס פעלען טאקע אויך כחות.

אט האבען מיר זיך די טעג אומגעקערט פון אלבאני, נאך א ביטערען קאמף, וועלכען די פארשטייער פון דער אמעריקאן לייבאר פארטיי, האבען דארט אנגעפירט צו גונסטען דעם פארבאט אויף קינדער ארבייט. געטראפען זיך באלד מיט די אקטיווע קאלעגען אין יוניאן אפיס, און אויף אונזער ערשטער פראגע, וואס הערט זיך אין טרייד, האבען מיר באקומען דעם זעלבען קוועטש מיט'ן פלייצע „אט, עס באוועגט זיך, אבער נאך אלץ ניט ווי עס באדארף צו זיין". פון אזא ענטפער, קומט ניט צו קיין פארגעניגען, הגם האבען מיר זיך ניט געעוויטיגט אין זייער ענטווארט. שוין ביים ארויפפאר אין אונזער אפיס, האבען מיר באמערקט, אז אויפ'ן 3־טען פלאר דרייען זיך ארום צופיל מענשען. דאס איז אונזער בעססטער באראמעטער.

די צאל ארבייטסלאזע וואקסט.

וואס וועט זיין ווייטער? א, עס וועט געוויס ווערען ביזי. עס וועט ווערען ארבייט. אבער ווי לאנג דאס וועט אנהאלטען, דאס איז שוין אן אנדער עסק. דעם אמת זאגענדיג, קען מען קיין צופיל ניט ערווארטען. כל זמן די עקאנאמישע לאגע אין לאנד וועט זיך ניט פארבעסרען, וועט ניט טויגען. כל זמן, די ארמיי פון ארבייטסלאזע וועט אנהאלטען אזוי גרויס ווי זי איז איצט, און די וועלכע ארבייטען יא, פארדינען ניט קיין פולע וואכען שכירות, וועט די נאכפראגע אויף דרעסעס. פארבלייבען פונקט אזוי קליין ווי זי איז אצינד און אז מען קויפט ניט קיין דרעסעס איז ניטא קיין ארבייט אין די שעפער. דאס איז גאנץ פשוט. מען באדארף ניט זיין קיין גרויסער עקאנאמיסט דאס צו פארשטיין.

ווי גרויס איז אצינד די ארבייטסלאזע ארמיי? זי איז געווען, לויט'ן ספעציעלען צענזוס, וועלכער איז געמאכט געווארען אין מאנאט נאוועמבער פון לעצטען יאר, 7 מיליאן 8 הונדערט און 22 טויזענט מיט 912. זייט דאן, האט דער פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען צוגעגעבען, אז די ארמיי האט זיך פארגרעסערט אויף איבער 3 מיליאן. בינו לבינו זיינען דא 11 מיליאן ארבייטסלאזע אין לאנד. ווען האמער מארטין, דער פרעזידענט פון דער אטאמאביל ארבייטער יוניאן, האט גערעדט אויף אונזער פארזאמלונג מיט 2 וואכען צוריק, האט ער אנגעוויזען, אז ניט ווייניגער פון 75 פראצענט פון די מיטגלידער פון זיין יוניאן, זיינען אין גאנצען ארבייטסלאז און פון די איבעריגע 25 פראצענט ארבייטען פילע 2 און 3 טעג א וואך. דאס גיט אונז א באגריף ווי גרויס די ווירקליכע ארבייטסלאזיגקייט איז.

עס איז אויך כדאי אנצואווייזען, אז ניט ווייניגער פון א זעקסטעל פון דער באפעלקערונג איז אצינד אויף די רעליף ליסטען. דאס מיינט, אז איינער פון יעדע 6 מענשען איז געצוואונגען אנצוקומען צו דער רעגירונג נאך הילף. און די רעגירונג גיט ניט גענוג גיט אויף צום לעבען און ניט אויף צו שטארבען. וועגען דעם האט טאקע דער שרייבער פון די שורות געמאכט א ויצעקו אין דער סטייט אסעמבלי לעצטע וואך. מיר האבען אנגעוויזען, אז אפילו אזא רעאקציאנער ווי פיטער גרים, פון דער ריעל עסטייט באארד, האט זיך באקלאגט, אז מען גיט ניט אכטונג ווי עס באדארף צו זיין אויף די ארבייטסלאזע. „8 סענט פאר א מאלצייט", האט ער גע'טענה'נט „איז ניט גענוג". מיר האבען געפאדערט פון דער סטייט רעגירונג, אז מען זאל פארגרעסערען דעם בודזשעט. אבער דאס איז געווען קול קורא במדבר. עס האט ניט געהאלפען. עס פעלען אונז דארטען 71 אייגענע שטימען צו האבען א מאיאריטעט.

וואס קען מען טאן?

וואס קען מען טאן אונטער אזעלכע אומשטענדען? מען באדארף פאדערען פון דער פעדעראלער, דער סטייט און שטאט רעגירונג אונטערצונעמען געוויסע פראיעקטען כדי צו געבען באשעפטיגונג צו די ארבייטסלאזע, אונזערע אייגענע ארבייטסלאזע אריינגערעכענט. מען באדארף פאדערען, אז מען זאל פארזארגען יענע ארבייטסלאזע, וועלכע קענען ניט קריגען קיין באשעפטיגונג אין זייער טרייד אדער ענלאכע טריידס, מיט מיטלען, אז זיי זאל ניט אויסקומען צו לײדען הונגער און נויט. מען באדארף ארויפנעמען וואס מער ארבייטער אין יענע שעפער, וואו עס איז דא לײדיגע מאשינען. מען באדארף אנהאלטען יוניאן באדינגונגען און יוניאן סקיילס אין יעדען שאפ. טאמער טענה'ט מיט אייך אייער בעל־הבית, אז ער וואלט יא געקאנט קריגען ארבייט, אויב מען וואלט ארונטערגעלאזט פון די פרייזען, באדארפט איר זאגען, אז דאס איז דורך אויס פאלש. דאס וועט מיינען דער אנפאנג פון א קאנקורענץ, וועלכער וועט ברײנגען רואינע און כאאס. דאס וועט אונז ניט געבען אפילו איין שטאך עקסטרא ארבייט. וועגען דעם איז גאר קיין צווייפעל ניט.

דרעסמאכער פארשטייען די לאגע. דרעסמאכער וועלען זיך ניט לאזען פארפירען. דרעסמאכער וועלען פארבלייבען לאיאל צו זיך און זייער ארגאניזאציע. זיי האבען געהאלטען ווארט ביז איצט, זיי וועלען אנהאלטען זייער זעלבסט אנגענומענעם דיסציפלין אין דער צוקונפט.

די גנביענען נאך אלץ!

מיר האבען שוין פילע מאל אנגעוויזען אין דער „גערעכטיגקייט" ווי אונפארשעמט אונזערע בעלי־בתים זיינען, וואס פארא נידעריגע ברואים און פשוט'ע גנבים, א סך פון זיי, זיינען. מיר האבען עס באשטעטיגט מיט נעמען, ציפערען און פאקטען. דער בעסטער באווייז אויף דעם איז די סומע פון העכער ¼ מיליאן דאלאר, וועלכע אונזער יוניאן האט אויפגעמאנט אין שכירות פון די שולדיגע מאנופעקטשורערס אין פארלויף פון די לעצטע פאר יאר. מילא, פון אן ארבייטער צו גנב'ענען, איז דאך א מצוה. ווער גנב'עט ניט פון דעם ארימען ארבייטער? אבער, אז די שיינע און חשוב'ע בעלי־בתים זאלען באשווינדלען די רעגירונג! דאס זעט איר האבען מיר ניט ערווארטעט. דאס שטימט עפעס גאר ניט מיט זייער פאטריאטיזם! גארניט מעשה געשעפטס־לייט.

אט דערוויסען מיר זיך פון א באריכט, וועלכער איז ערשינען אין דער ניו יארקער „טיימס" פון דעם 8־טען פעברואר, אז לויט אן אונטערזוכונג, וועלכע איז געמאכט געווארען ביי בלויז 105 מאנופעקטשורערס, האט מען געפונען, אז זיי האבען ניט דערצאלט דער שטאטישער רעגירונג אין „סיילס־טעקסעס", א סומע פון $971,003.00. אונז דאכט זיך, אז מען זאל א שאקעל טאן די גאנצע אינדוסטריע וואלט מען דארט געפונען א סך, א סך מער. כ'לעבען עס איז ניט שעהן.

אבער ניט פאר דער קריוודע פון דער רעגירונג נעמען מיר זיך דא אן. די געלדער, וועלכע מען מאנט אויף פון די בעלי־בתים פאר „סיילס־טעקסעס" גייען פאר „רעליף" פאר די ארבייטסלאזע נויט באדערפטיגע. אין אנדערע ווערטער מען האט זיי, די נויט באדערפטיגע, באשווינדעלט אויף א גאנצען מיליאן דאלאר. דאס איז ניט גאר ניט שעהן. דאס איז א פארברעכען.

אונזער אונפארטייאישע מאשינערי.

די טעגליכע פרעסע האט לעצטענס געווידמעט א סך פלאץ צום באריכט פון אונזער אונפארטייאישען טשערמאן פון דער דרעס אינדוסטרי — מר. הערי יאוועליר.

די זייטיגע וועלטעל חידוש'ט זיך, וואס אזא גרויסע און קוואליפיצירטע אינדוסטריע ווי אונזערע, באשטעהנד פון קרוב א הונדערט טויזענט ארבייטער, קארגע 3 טויזענט פירמעס און א יערליכע פראדוקציע, פאר ניו יארק אליין, וועלכע באטרעפט וואסערע 5 הונדערט מיליאן דאלאר, זאל „באדערען" דעם אונפארטייאישען טשערמאן מיט 3726 קאמפליינטס דורך די פארגאנגענע 21 מאנאטען.

מיר אבער זיינען גארניט אזוי „סורפריזט". ערשטענס גייען איבער צום אונפארטייאישען טשערמאן בלויז יענע סכסוכים אויף וועלכע ביידע צדדים האבען זיך פריער ניט געקאנט איינינגען. ווען מר. יוועליר וואלט פארעפענטליכט דעם סך הכל קאמפליינטס, וועלכע זיינען פון די מיטגלידער אריינגעקומען דורך די לעצטע 21 מאנאטען וואלט די זאך אויסגעזען גאנץ אנדערש (דער גענויער צאל קאמפליינטס, וועלכער איז פון די מיטגלידער אריינגעקומען געגען די 3 בעלי־בתי'שע אסאסיאיישאנס דורך די לעצטע 21 מאנאטען, באטרעפט איבער 21,000). צווייטענס, און דאס איז דאס וויכטיגסטע, האבען מיר טאקע ווייניגער קאמפליינטס א דאנק דעם וואס מיר האבען א שטארקע מעכטיגע ארגאניזאציע, מיט א וואויל דיסציפלינירטער ארמיי. מען האט פשוט מורא פאר דער ארגאניזירטער מאכט פון די ארבייטער און מען היט אפ מער אדער ווייניגער דעם אגרימענט.

דער באריכט ווייזט אן, אז ניט ווייניגער פון 281 טויזענט 3 הונדערט מיט 42 סטיילס, זיינען דורך דער צייט רעדזשיסטרירט געווארען, פון וועלכע 17,626 זיינען געסעטעלט געווארען דורך די פארטרעטער פון אומפארטייאישען טשערמאן.

מיר דערוויסען זיך ווייטער, אז אין טרייד זיינען אצינד רעדזשיסטרירט ניט מער פון 1608 קאנטראק־

---

אלעס וואס עס קומט פאר ביי אונז אין טרייד און ביי אונז אין יוניאן. האב איך אויבען געזאגט, אז ווען עס קומט צו אונזער יוניאן אדער טרייד פראבלעמען, לעז איך ניט די אידישע פרעסע. איך לעז אבער די פרעס פון אונזער אינטערנעשאנאל און אלעס וואס ווערט דארט געשריבען.

אין דער פעברואר אויסגאבע „גערעכטיגקייט", לעז איך אן ארטיקעל „סדרה ברוקלין". ווען די אידישע פרעס האט ניט קיין צייט, אדער וויל זיך מיט אונז ניט צוזאמענריידען איידער זי שרייבט איבער געוויסע יוניאן סיטואציעס, קאנען מיר צו איר קיין טענה ניט האבען. מיר האבען אבער א טענה צו דער „גערעכטיגקייט" וועגען „סדרה ברוקלין". איך בין ניט איינפארשטאנען מיט דעם שרייבער פון דעם ארטיקעל ווען ער זאגט, אז די לאגע אין אוט־אף־טאון איז בעסער ווי אין ברוקלין. מיר האבען קיינמאל ניט איבערשעצט אוט־אף־טאון און קיינמאל ניט אונטערשעצט ברוקלין. ביידע טעריטאריעס טויגען אויף כפרות, אבער איך זאג, אז ברוקלין ווערט אלץ בעסער קאנטראלירט ווי די אוט־אף־טאון טעריטאריע דערפאר ווייל ברוקלין איז א טייל פון ניו יארק. פאר דעם שרייבער'ס אינפארמאציע, וויל איך זאגען, אז אונזער יוניאן האט איינגעשטעלט אין ברוקלין א קאנטראל דעפארטמענט אזוי גוט ווי אין ניו יארק און קאמיטעס ווען עס קומט אין סעזאן, באלאגערען זיי די גאסען דארטען וואו די קלאוק שעפער געפינען זיך און די וועלכע מען טרעפט פארלעצען יוניאן שטונדען אדער אנדערע יוניאן רעגלען ווערען זיי גערופען צו פאראנטווארטליכקייט. דאס האט ניט דער אפיס פון אוט־אף־טאון דעפארטמענט פאר די אוט־אף־טאון שעפער, ווייל עס איז פיזיש אוממעגליך דאס צו האבען. יא! מעגליך איז עס, אבער עס איז פארבונדען מיט גרויסע שוועריגקייטען.

צו זאגען, אז די יוניאן האט ברוקלין אונטערשעצט און דעם אוט־אף־טאון איבערשעצט איז א באהויפטונג, וועלכע שטימט ניט מיט די אמת'ע פאקטען. וואלט דער שרייבער פון „סדרה ברוקלין" מיט אונז זיך פריער צוזאמענגערעדט, און זיך באקענט מיט די אמת'ע פאקטען, וואלט זיין אויספיר דאן געווען א גאנץ אנדערער.

באמערקונג פון דער רעדאקציע:

עס שיינט אונז, אז ברודער ל. לאנגער האט זיך ניט גוט צונויפגערעדט מיט דעם לייט־ארטיקעל אין „גערעכטיגקייט" וועגען „סדרה ברוקלין". אין דעם לייט־ארטיקעל איז דאכט זיך א ווארט ניט געווען, אז די לאגע אוט־אוו־טאון איז בעסער ווי אין ברוקלין. אין דעם לייט־ארטיקעל איז בלויז געזאגט געווארען, אז אויף ברוקלין דארף מען לייגען מער געוויכט, ווייל דארטען מאכט מען א סך מער קלאוקס, און ברוקלין איז דעריבער א גרעסערע צרה ווי אוט אוו טאון. אבער אין דער יוניאן האט מען שטענדיג גערעדט מער וועגען דער אוט אוו טאון צרה ווי וועגען דער ברוקלין צרה.

און מיר גלויבען, אז עס האט גאר ניט געשאדט, וואס די ברוקלין פראגע איז א ביסעל אויסגעלופטערט געווארען. עס איז גיכער געווען כוצלאך.

# אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן און אין טרייד

פון לואיס לאַנגער

דער מאָנאַט פ ע ב ר ו אַ ר איז אימער געווען ביזי אין אונזער טרייד, אָבער דאָס איז ניט געווען דער פאַל דעם הייַנטיגען יאָר, וועניגסטענס דעם ערשטען האַלבען מאָנאַט. די שעפּער פון דער בעסערער און מיטעלער לאַין גאַרמענטס האָבען געהאַט ארבייט ווי תמיד, אָבער וואָס אַנבאַלאַנגט די שעפּער פון די ביליגע גאַרמענטס זיינען אַ גרויסער טייל פון זיי געווען גאַנץ שוואַכליך. מעגליך, אַז ווען די „גערעכטיגקייט” וועט ערשיינען, וועלען שוין אַלע זיין ביזי און אַלע קלאָוקמאַכער וועלען ארבייטען. מיר געברויכען דאָס וואָרט „מעגליך”, ווייל אין אונזער טרייד איז אַ טאָג צו אַ טאָג ניט גלייך. אין אונזער טרייד קאָן פּאַסירען, אַז הייַנטיגען טאָג איז סלעק און מאָרגען זאָל אָנפאַנגען צו ברענען, אַז עס זאָל אַזש אויספעלען ארבייטער אין טרייד, און דעם נעקסטען טאָג זאָל צוריק ווערען סלעק.

ווי אויבען געזאָגט, זיינען די שעפּער פון דעם בעסערען גאַרמענט געווען ביזי ניט נאָר אין דעם מאָנאַט פעברואַר, נאָר זיי האָבען נאָך אָנגעפאַנגען צו ארבייטען אין דעם מאָנאַט יאַנואַר. ווארום דער גאַנץ ביליגער גאַרמענט האָט זיך ניט אָנגעפאַנגען אין צייט, און האָט זיך פאַרשפּעטיגט, ווערען אָנגעגעבען צוויי אורזאַכען. איין אורזאַכע ווערט אָנגעגעבען אַז, אַזוי ווי דער איסטער יום־טוב פאַלט אויס דעם הייַנטיגען יאָר שפּעט, דארום האָט זיך אויך דער סעזאָן פאַרשפּעטיגט. די צווייטע אורזאַכע ווארום די ביליגע לאַין ארבייט איז ניט ביזי, איז דאָס וואָס אין דעם לאַנד זיינען ווידער דאָ מיליאָנען ארבייטסלאָזע, און די ארבייטסלאָזיגקייט אין אַנדערע טריידס רופט זיך שטאַרק אָפּ אויף אונזער טרייד, און הויפּטזעכליך אויף דעם טרייד פון דעם ביליגען לאַין גאַרמענט, וועלכער ווערט געקויפט פון ארבייטער פרויען. מיר ווייסען ניט אויף ווי ווייט עס איז ריכטיג די ערשטע אורזאַכע, אָבער די צווייטע אורזאַכע איז מער פאַרשטענדליך.

זיכער איז, אַז ניט אַלע ארבייטער פרויען אָדער ארבייטער מיידלאַך ליידען פון דער איצטיגער ארבייטסלאָזיגקייט, און קאָנען זיך ניט ערלויבען צו קויפען נייע קליידער. דאָך קויפען זיי ניט. ווארום? די פרויען געפינען זיך אונטער א געפיל פון שרעק, אַז זיי וועלען מאָרגען אריינגעוואָרפען ווערען אין די רייען פון דער ארבייטסלאָזער אַרמיי און די געלד פאר וועלכע זיי דארפען זיך באַקליידען, האַלטען זיי פאַר עטוואָס בילכערעס. די לעצטע קריזיס יאָרען זיינען נאָך אַלעמען פריש אין זכרון און אונזער קלאַס פרויען האָבען נאָך יענע קריזיס יאָרען ניט פאַרגעסען.

די שעפּער פון דעם בעסערען גאַרמענט האָבען אָנגעפאַנגען צו אַרבייטען ווי תמיד אין דעם מאָנאַט יאַנואַר, און דעם מאָנאַט פעברואַר זיינען זיי שוין געווען זעהר ביזי. ווארום? ווייל די סאָרטען קליידער ווערען געקויפט פון פרויען, וואָס האָבען גענוג געלד און זיי רעכענען ניט אויס דעם דאָלאַר און האָבען אויך ניט קיין מורא, אַז טאָמער חלילה, וועלען זיי מאָרגען פאַרלירען זייער דזשאָב אָדער זייערע מענער וועלען דאַרפען זוכען אַ דזשאָב. ביי דעם קלאַס פרויען מאַכט ניט אויס צו דער איסטער יום־טוב פאַלט אויס פרי אָדער שפּעט, און זיי זוכען ניט קיינע אורזאַכען ניט צו ספּענדען קיין געלד. זיי האָבען גענוג געלט און זיי קויפען ניט בלויז איין קאָוט אָדער סוט, נאָר עטליכע יעדען סעזאָן.

די פרויען וועמענס פאַקעט איז דער יחוס זיינען אָבער ניטאָ פילע. וואָלטען זיי כאָטש געווען אַ העלפט פון די פרויען, וועלכע האָבען ניט פאַר וואָס צו קויפען, אָדער פון די וואָס האָבען יאָ פאַרוואָס צו קויפען, נאָר זיי האָבען מורא פאַר דעם מאָרגען, וואָלטען זיכער פילע קלאָוקמאַכער, אַנשטאָט צו ציילען די שטיינער אין גאַס, געזעסען ביי די מאַשינען און געאַרבייט.

די קלאָוקמאַכער, וועלכע האָבען אין דעם מאָנאַט פעברואַר ווייניג געאַרבייט, קאָנען זיך מיט דער אויבענדערמאָנטער אורזאַכע, ווארום דער שאָפּ פון דעם בעסערען לאַין גאַרמענט האָט גענוג אַרבייט און דער שאָפּ פון דעם ביליגען גאַרמענט האָט בלויז געהאַט אַ ביסעל ארבייט, ניט צופרידענשטעלען. די קלאָוקמאַכער קאָנען ניט זיין איינפאַרשטאַנען מיט מיין מיינונג, אַז דער קלאָוק טרייד, אָדער די גאַנצע שניידער טרייד, באַשטימט ניט דעם עקאָנאָמישען גאַנג פון דעם לאַנד.

די שניידער אינדוסטרי, פון וועלכע אונזער טרייד איז אַ טייל, שפּילט, אָן־און־פאַר־זיך, אַ וויכטיגע ראָלע אין דעם עקאָנאָמישען לעבען פון לאַנד. ווען מען נעמט אין באַטראַכט די טויזענטער און טויזענטער ארבייטער, וואָס ווערען באַשעפטיגט ניט נאָר אין דער שניידער אינדוסטרי, נאָר אויך אין די אַנדערע אינדוסטריען, וועלכע זיינען מיט איר ענג פאַרבונדען, קען מען איינזען די וויכטיגקייט פון איר ראָלע אין דעם אַלגעמיינעם עקאָנאָמישען גאַנג פון לאַנד. דאָך קיין קריזיס שאַפט זי ניט. ווען אַ קריזיס קומט, איז די שניידער אינדוסטרי די ערשטע פון איס צו ליידען און די לעצטע אָנצופאַנגען געניסען פון דער בעסערער צייט.

---

פאַר קיין אויטאָריטעט האַלט איך זיך ניט, וואָס איז שייך אונזער אינדוסטרי, און ווער קאָן עס זיין אַן אויטאָריטעט אין אַזאַ קראַנקער אינדוסטרי ווי אונזערע? דאָך וויל איך אין דעם איבערבליק באַרירען אַ פראַגע, וואָס איך זע אַלס אַ נייע אַנטוויקלונג אין אונזער טרייד און אונזערע מעמבערס וועלען זיך קאָנען שאַפען וועגען דעם אַ מיינונג. אין די לעצטע סעזאָנען האָב איך באַמערקט, אַז די גרויסע דעפּאַרטמענט סטאָרס און די הונדערטע טשעין סטאָרס האָבען אויפגעהערט צו קויפען קלאָוקס אין קוואַנטיטיס ווי זיי פלעגען דאָס אַמאָל טאָן. זיי קויפען הייַנט אַזוי פיל וויפיל זיי דאַרפען פאַר דעם הייַנט. פאַרקויפען זיי דאָס, וואָס זיי האָבען הייַנט געקויפט, קויפען זיי מאָרגען ווידער. זיי האָבען אויפגעהערט צו ספּעקולירען. צו דאָס וועט ווערען פון זייער זייט אַ שטענדיגע פּאָליסי פאַר געשעפטס־זיכערקייט, צו דאָס איז בלויז ביי זיי אַ פּאָליסי פאַר דער שלעכטער צייט, אויס מורא, אַז זיי זאָלען ניט בלייבען „געסטאַקט” מיט דער סחורה, דאָס קאָן איך ניט זאָגען.

עס איז זעלבסט־פאַרשטענדליך, אַז דער מאַנופעקטשורער פאָלגט נאָך די זעלביגע פּאָליסי. אַזוי גוט ווי דער סטאָרקיפּער האָט אויפגעהערט צו קויפען אין קוואַנטיטיס, אַזוי האָט אויך דער פּראָדוצירער אויפגעהערט צו פּראָדוצירען אין קוואַנטיטיס, ווייל ער אַליין וויל ניט ווערען „געסטאַקט”. דאָס, שיינט מיר, איז אויך איינע פון די אורזאַכען פון וועלכע דער ביליגער לאַין גאַרמענט ליידעט די לעצטע סעזאָנען. אַ בעסערע צייט, וועלכע מיר האָפען וועט קומען, וועט קלאָר מאַכען צו די פּאָליסי פון די גרויסע דעפּאַרטמענט און טשעין סטאָרס האָט עטוואָס צו טאָן מיט געשעפטס־זיכערקייט אָדער עס האָט צו טאָן מיט דער שלעכטער צייט. די מאַנופעקטשורערס פאָלגען נאָך די פּאָליסי פון זייערע קאַסטאָמערס.

---

ווייל די צייט איז אַ משוגע'נע, און מען ווייסט ניט וואָס איז וואָס, דאַרפען די מעמבערס פאַרשטיין, אַז די פאַבריקאַנטען זוכען איר אויסצונוצען פאַר זייער בענעפיט. דאָס זעהן מיר ביים סעטלען פרייזען. זיי קעמפען ווי די לייבען ארויסצוקריגען דעם גאַרמענט געמאַכט פאַר דעם ביליגסטען פרייז, און פאַר דעם פרייז, וואָס זיי האָבען ביי זיך אָפּגעמאַכט צו צאָלען. די יוניאָן ווערט ניט מיטגעריסען פון זייער געשריי, אַז „אום צו טאָן ביזנעס דאַרף מען פאַרקויפען ביליג און ארבייטען ביליג”. די יוניאָן באַשטייט אויף דעם געהעריגען פרייז פאַר מאַכען דעם גאַרמענט. די פרייז קאָמיטעס, וועלכע זיינען אַנוועזענד ביי סעטלען פרייזען זעהן וואָס עס קומט פאָר. זיי זיינען באַקאַנט מיט דער מיה, וואָס אונזערע פרייז־אַדזשאַסטערס ווענדען אָן איידער זיי סעטלען די פרייזען.

מיר זאָגען עס צוליב דעם, אַז דער קלאָוקמאַכער דאַרף אימער האָבען אין זינען, אַז „די יוניאָן האָט פאַר אים אויסגעקעמפט דעם פרייז, און ער טאָר פון דעם פרייז ניט ארונטערלאָזען”. וועט דער סעזאָן זיין אַ גוטער, וועט ער, דורך די פרייזען, וואָס די יוניאָן האָט געסעטעלט, האָבען די מעגליכקייט אָפּצומאַכען אַ טייל פון דעם פאַרלוסט, וואָס ער האָט געליטען דורך דעם שלעכטען ווינטער סעזאָן; וועט דער סעזאָן ניט זיין אַזאַ גינסטיגער, דאַרף דער קלאָוקמאַכער נאָך מער זיין פאַראינטערעסירט צו קריגען דעם געהעריגען פרייז, כדי ער זאָל זיין פאַרזיכערט, אַז די וואָך, וואָס ער אַרבייט, זאָל ער פאַרדינען די געהעריגע וואָך שכירות.

---

אין די לעצטע עטליכע וואָכען האָב איך געלעזען בריף אין „פאָרווערטס”, ווי קלאָוקמאַכער האָבען זיך באַקלאָגט וועגען דעם הייטסטאָון פּראָיעקט, און זייער טענה איז, אַז זיי זיינען אין גאַנצען פאַרפירט געוואָרען. אויב די טענות פון די שרייבער וועמענס בריף דער „פאָרווערטס” האָט געדרוקט, זיינען ריכטיגע, איז דאָס זיכער אַ טרויעריגע ערשיינונג. אין אַזאַ סיטואַציע קאָן מען זיך קיינמאָל ניט פאַנאַנדערקלייבען ווער איז ווער, און ווער איז גערעכט, און ווער איז אומגערעכט. עס איז נוצלאָז אין דעם מאָמענט צו מאַכען באַשולדיגונגען געגען געוויסע אידישע שרייבער און סתם כלל טוער, וועלכע האָבען זיך דאַמאָלס איינגעריסען דעם לעטניק דערפאַר ווייל אונזער אינטערנעשאַנאַל האָט זיך צו דער גאַנצער פראַגע באַצויגען זעהר קאַלט. דאָס וואָס יענע שרייבער האָבען געשריבען איז נאָך ניט אויסגעמעקט געוואָרען, אָבער דאָך וויל איך זאָגען, אַז טראָץ דעם וואָס זיי זיינען געווען ברוטאַל מיט זייער שפּראַך געגען אונזער אינטערנעשאַנאַל, איז אָבער זייער כוונה געווען אַ גוטע. עס ליגט שוין אין דער נאַטור פון אונזערע אַלע מענשען, צו זיי באַלאַנגען צו איין ריכטונג אָדער צו אַן אַנדערע, צו קוקען אויף יעדער קאָאָפּעראַטיווער אונטערנעמונג מיט אַ ראַדיקאַלען בליק, אָבער זיי שטעלען זיך ניט פאָר אַז אַזאַ זאַך קען אויך זיין א דורכפאַל.

ווען דער פּראָיעקט איז געוואָרען פּאָפּולער, און אַ צאָל קלאָוקמאַכער זיינען געווען צופרידען צו אינוועסטען זייער לעצטע פּעניס, אום זיך ארויסצוראַטעווען פון דער גרויסער שטאָט, און זיך איינפונדעווען אין א פּלאַץ מיט דער זיכערקייט פאַר מאָרגען, האָט דער שרייבער פון דעם קאָלום זיך ניט פאַרלוירען און איז אויך ניט מיטגעריסען געוואָרען. פילע קלאָוקמאַכער זיינען געקומען צו אים פאַר א ראַט צו זיי זאָלען אינוועסטען זייערע געלדער דאָרטען אָדער ניט, און ער, וויפיל ער האָט געקאָנט, האָט זיי געראַטען דאָס ניט צו טאָן. מעגליך, אַז צווישען די וואָס באַקלאָגען זיך אַצינד זיינען דאָ מאַנכע פון די וואָס זיינען געקומען מיט אים זיך באַראַטען. אויב זיי האָבען דאַן זיין ראַט ניט אָנגענומען, האָבען זיי געהאַנדעלט אויף זייער אייגענער פאַראַנטוואָרטליכקייט און זיי דאַרפען בלויז האָבען א טענה צו זיך אָדער צו די וואָס האָבען זיי געראַטען אַנדערש און אויף וועמענס וואָרט זיי האָבען זיך פאַרלאָזט.

---

די ברוקלינער טעריטאָריע האָט אויף די שפּאַלטען פון דער אידישער פּרעסע די לעצטע עטליכע וואָכען פאַרנומען אַ שעהן שטיקעל פּלאַץ. איך שטעל מיר פאָר, לויט וויפיל די שרייבער האָבען געשריבען וועגען ברוקלין, ווי זיי האָבען געשוויצט אום איינער זאָל איבערטרעפען דעם אַנדערען אום בעסער נושא חן זיין ביי די אידישע קלאָוקמאַכער. אַזוי ווי קיינער פון אונז פאַרשטייט ניט די איטאַליענישע שפּראַך איז אונז בעסער אויף דעם הארצען, ניט וויסענדיג וואָס די איטאַליענישע פּרעסע האָט וועגען דעם געזאָגט, און צו האָט זי איבערהויפּט וועגען דעם עפּעס געזאָגט.

ווען עס קומט צו אונזערע פּראָבלעמען, האָב איך שוין אַזאַ טבע, אַז איך לעז ניט וואָס די צייטונגען זאָגען, ווייל איך דענק, אַז קיין נייעס זאָגען זיי ניט, און די פּראָבלעמען אין וועלכע דער קלאָוק טרייד און די יוניאָן שלאָגט זיך אָן, זיינען מיר אין דער לאַגע די ערשטע פון זיי צו וויסען, און זיי אויך בעסער צו פאַרשטעהן. ו ו ע ן ע ס ק ו מ ט צ ו ד ע ר א י ד י ש ע ר פ ר ע ס ע, צו דער טעגליכער פּרעסע, האָט זי אַ רעכט צו שרייבען וואָס זי וויל. ווייל ווען זי וואָלט ניט אינפאָרמירט אירע לעזער וועגען אַלעס און אַלעמען וואָס קומט פאָר וואָלט זי ניט געהאַט קיין עקזיסטענץ־באַרעכטיגונג. אָבער אפילו ווען דאָס איז די פליכט פון דער פּרעסע, דאַרף זי אָבער צו אַ געוויסער מאָס זיין פאַראַנטוואָרטליך, ווייל נייעס וועגען טאָג פראַגען איז איין זאַך, און אַרטיקלען וועגען א יוניאָן מיט קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען איז אַ צווייטע זאַך.

די אידישע פּרעסע ווייס, אַז אונזער יוניאָן, פון איר ערשטען טאָג אָן, איז אַן אָפענער בוך און מיר האָבען זיך קיינמאָל ניט אָפּגעהאַלטען ווען זי האָט פון אונז פאַרלאַנגט איר צו געבען אינפאָרמאַציע, וועגען

„אידיעל דרעס" וואַלטען געזעהן ווי זייערע פראַנצויזישע אַרבייטאַרינס באַנקעטווען אויף זייער פאָלקסשטייגער און פרעהען זיך וואָס זיי ווערען באַשיצט פון אונזער יוניאָן, וואַלטען זיי אפשר געווען וועניגער חוצפהדיג ווען זיי ריידען וועגען זייערע סטרייקערס. איבערהויפּט וואָס זייער לאָיער וויל אָפּט שאַפען דעם איינסינויאירענדען איינדרוק, אַז דער סטרייק ווערט אויף די פראַנצויזיש־קאַטוילישע מיידלאַך אַרויפגעצוואונגען פון „אויסלענדער".

## אינסטאַלירונג פון לאָקאַל 342.

אויף אַן איינדרוקספולען אופן איז דאָנערשטאַג, דעם 3טען פעברואַר, דורכגעפיהרט געוואָרען די אינסטאַלירונג פון דעם נייעם שניידערס און פינישערס לאָקאַל 342.

איך האָב געהאַט דעם כבוד צו פּרעזענטירען צום לאָקאַל דעם טשאַרטער. צו די צוויי דעלעגאַטען וועלכע די שניידער און פינישערס האָבען געהאַט פריער אין דעם דזשאָינט קאָונסיל זיינען ערוועהלט געוואָרען נאָך דריי. זיי זיינען: פּאולין גאָלד, מ. טענענבוים און מאָלי קרעמער.

באַגריסונגען זיינען געהאַלטען געוואָרען פון פאַרטרעטער פון דזשאָינט קאָונסיל; פון לאָקאַל 19, קאָטערס יוניאָן; פון לאָקאַל 43, אָפּערייטאָרס; פון פּרעסערס לאָקאַל 41.

ארום 200 מיטגלידער האָבען ביי־געוואוינט דעם דאָזיגען מיטינג ווען דער טשאַרטער איז פּרעזענטירט געוואָרען. עס האָט געהערשט אַן אויסערגעוועהנליך יום־טוב'דיגע שטימונג. איצט גרייט זיך דער לאָקאַל צו אַ באַנקעט, דעם 5טען מערץ, וואו עס וועט געפייערט ווערען אויף אַ פּאַסיגען אופן דאָס קריגען פון דעם טשאַרטער.

דער אָפּערייטאָרס לאָקאַל 43 האָט אָפּגעהאַלטען אַ וויכטיגען מיטינג דעם 7טען ד. מ., ביי וועלכען איך האָב איבערגעגעבען אַ פולשטענדיגען באַריכט וועגען די פאַרצוויגטע אַרבייטען פון אונזער אינטערנעשאָנאַל אין מאָנטרעאַל. איך האָב באַריכטעט וועגען די ערפאָלגען וואָס מיר האָבען געהאַט סיי אין קלאָוקס־טרעיד און סיי אין דרעס־דעפּאַרטמענט. די אַנוועזענדע האָבען מיט צופרידענהייט אויפגענומען דעם באַריכט וואָס האָט אָפּגעשפּיגעלט אונזער שטאַרקע פּאָזיציע אין מאָנטרעאַל. איבערהויפּט האָט געמאַכט אַ גוטען רושם אויף אונזער היגער מיטגלידערשאַפט די געשלאָסענע אַגרימענטס אין דרעס־טרעיד מיט דעם פאַרזיכערטען פרידען פאַר די קומענדע דריי יאָהר.

דער לאָקאַל 43 האָט ערוועהלט נאָך צוויי דעלעגאַטען צום דזשאָינט־קאָונסיל. זיי זיינען: דזש. אייזענבערג און ס. עדעלבוים.

דער דזשאָינט־קאָונסיל גרייט זיך צום יערליכען יום־טוב. דאָס איז אַ באַל וואָס וועט פאַרקומען אין אודיטאָריום האָל דעם 25טען פעברואַר. קאָמיטעס זיינען שוין שטאַרק פאַרנומען צו אַראַנזשירען, אַז די אונטערנעמונג זאָל זיין אַ דערפאָלג און מיר ערוואַרטען די גרעסטע צאָהל מיטגלידער ביים באַל.

## עמבראָידערי יוניאָן לאָזט זיך ניט אָפּנאַרען

איידער די יוניאָן האָט זיך אָרגאַניזירט פלעגט מען אין עמבראָידערי טרעיד אַריינאַרבייטען פון 60 ביז 70 שעה אַ וואָך. ווען מיר האָבען אונטערגעשריבען דעם קאָנטראַקט איז די אַרבייטס־צייט באַגרעניצט געוואָרען צו 44 שעה אַ וואָך אויסער 8 שעה אָווערטיים. אין אַגרימענט האָבען מיר אַ ספּעציעלען פּונקט, אַז קיין אָווערטיים איז ניט ערלויבט פרייטאָג נאָך 5 אזייגער און שבת נאָכמיטאָג.

כדי צו געבען אונזערע בעלי־בתים אַ געלעגענהייט צו אויספאַרטיגען זייער אַרבייט ווען ס'איז דרינגענד, האָבען מיר זיי ערלויבט צו אַרבייטען אָווערטיים שבת נאָכמיטאָג בלויז אין דעם הערבסט־סעזאָן. אין דעם ספּרינג־סעזאָן האָבען מיר אַזאַ הנחה ניט געוואָלט מאַכען און האָבען דורכגעפיהרט דעם פּונקט וועגען אָווערטיים 100 פּראָצענט.

די בעלי־בתים האָבען אָבער אַ ביטער האַרץ אויף אָט דעם פּונקט און ווילען זיך באַפרייען פון איהם. האָבען זיי אונז „געטשאַלענדזשט", אַז מען זאָל איבערלאָזען צו די אַרבייטער אַליין. זאָלען זיי באַשטימען אויב זיי ווילען שבת נאָכמיטאָג אַרבייטען אָווערטיים אָדער ניט. האָבען מיר גערופען אַ מיטינג מאָנטאָג אָוונט, דעם 31טען יאַנואַר, און דאָרט אויפגעהויבען די פראַגע. איז געווען אַ דעבאַטע, די ערשטע וויכטיגע דעבאַטע ביים נייעם לאָקאַל, און נאָך אַ לענגערער דעבאַטע האָבען די מיטגלידער איינשטימיג באַשלאָסען, אַז זיי ווילען ניט איינרייסען די וועלט און אַרבייטען שבת נאָכמיטאָג. זיי זיינען מוחל די פּאָר דאָלאַר עקסטרא וואָס זיי קאָנען פאַרדינען דעם האַלבען טאָג שבת נאָכמיטאָג און ווילען בעסער אין אָט דער צייט געניסען רוה און פרייהייט. דאָס איז געווען דער שטאַנדפּונקט פון די עמבראָידערי־אַרבייטער.

## קאַטאָלישע סינדיקאַט „טריקס" אַרבייטען ניט.

צום סוף וויל איך איבערגעבען פאָלגענדען אינצידענט וואָס איז אינטערעסאַנט צו פאַרצייכענען.

דריי פראַנצויזישע מיידלאַך אין שאַפּ פון „קעפּיטאָל דרעס" האָבען געוואָלט מאַכען אַ שטיקעל „רעוואָלוציע" געגען אונזער אינטערנעשאָנאַל. האָבען זיי ערקלערט, אַז זיי וועלען ניט צאָהלען קיין „דיוס", ווייל זיי געהערען צום קאַטאָלישען סינדיקאַט. האָבען די אַנדערע אַרבייטער געלאָזט וויסען דער באַלעבאָסטע, אַז זיי קאָנען מיט די דריי מיידלאַך ניט אַרבייטען. זיי האָבען טאַקע פאַרלאָזט דעם שאַפּ.

זיינען געבליבען די דריי „רעוואָלוציאָנערקעס" מיט 20 מאַשינען. האָט די באַלעבאָסטע געזעהן, אַז ס'איז ניט קיין פּלאַן צו לאָזען לויפען 20 מאַשינען פאַר בלויז דריי מיידלאַך, ווי וויכטיג די מיידלאַך זאָלען ניט זיין. האָט זי געוואָלט אָפּשטעלען די עלעקטריק און איינשטילען אַלע מאַשינעס. האָבען די דריי מיידלאַך געזעהן, אַז די באַלעבאָסטע וויל אָפּשטעלען די אַרבייט, האָבען זיי טעלעפאָנירט נאָך אַ פּאָליסמאַן, און ווען דער פּאָליסמאַן איז געקומען האָבען זיי אין נאָמען פון די קאַטאָלישע סינדיקאַטען איהם אויפגעפאָדערט, דאָס ער זאָל ניט דערלאָזען, אַז די באַלעבאָסטע זאָל אָפּשטעלען דעם גאַנג פון די מאַשינעס.

האָט דער פּאָליסמאַן ערקלערט, אַז דערווייל זיינען די קאַטאָלישע סינדיקאַטען נאָך ניט קיין בעלי־בתים איבער'ן לאַנד און זיי קאָנען קיינעם ניט דיקטירען. די מיידלעך זיינען טאַקע באַלד אוועקגעשיקט געוואָרען צו די קאַטאָלישע סינדיקאַטען און אונזערע מיטגלידער זיינען צוריקגערופען געוואָרען צו דער אַרבייט:

יאָ, ס'איז איינער פון די קליינע אינצידענטען וואָס קאָן פּאַסירען אָפּט אין אונזער קוויבעקער פּראָווינץ.

---

# אין יוניאָן העלטה סענטער

פון פּאולין מ. ניומאַן

דער 25־טער יערליכער צוזאַמענקונפט פון יוניאָן העלטה סענטער איז שוין פאַריבער און האָט צוגעגעבען נאָך אַ שיינעם קאַפּיטעל צו די זכרונות פון דער פאַרגאַנגענהייט. דער 26־טער יאָר פון אונזער טעטיגקייט פאַרשפּרעכט איבערצושטייגען אין וואוקס פון דער אינסטיטוציע און אין די נוצען, וואָס זי גיט אונזערע מיטגלידער, אַלע אירע דערגרייכונגען פון דער פאַרגאַנגענהייט. עס ווערען איצט געמאַכט פּלענער אויסצובּרייטערען די טעטיגקייט פון דעם סענטער. ווי דר. פּרייס, האָט זיך אַזוי טרעפליך אויסגעדריקט ביי דער פייערונג: „איך וואָלט וועלען, אַז די פייערונג זאָל געווידמעט ווערען ניט די פאַרגאַנגענע 25 יאָר, נאָר דעם קומענדען פערטעל יאָר הונדערט. מיר האָבען פאַר זיך אַ סך וויכטיגע פּראָבלעמען צו באַגעגענען אין דער צוקונפט. אונזער פּלאַץ איז שוין איצט ניט גענוג פאַר דער אַרבייט, מער וויסענשאַפטליכע מעטאָדען מוזען איינגעשטעלט ווערען אויפצופּאַסען אויף אונזערע כראָניש קראַנקע. מיר האָבען ביז איצט דורכגעשניטען דעם וועג, וועלכען איר קענט נאָכפאָלגען. די צוקונפט געהער צו אייך".

### אַ מאָדערנע אָפּטיילונג פאַר רוהמאַטיש קראַנקע

א גרויסע צאָל פון אונזערע מיטגלידער לידען פון רוהמאַטישע קראַנקהייטען. יונגע און אַלטע לידען דערפון. מאַנכע פון זיי זיינען פולשטענדיג פאַרקריפּעלט, אַנדערע קענען נאָך ווי עס איז אָנהאַלטען זייער באַשעפטיגונג מיט גרויסע שוועריגקייטען. מיר האָפען, אַז דער נייער דעפּאַרטמענט אין יוניאָן העלטה סענטער וועט ניט נאָר פאַרלייכטערען די ווייטאָגען און לידען פון די פּאַציענטען, נאָר וועט זיי אויך פאַרהיטען פון פאַרקריפּעלט ווערען. נייע מעטאָדען ווי אַזוי צו באַהאַנדלען די סאָרטען קראַנקע ווערען איצט אונטערזוכט פון דעם דירעקטאָר פון דער אינסטיטוציע. מען באַראַט זיך מיט עקספּערטען. מיר האָפען, אַז דער קליניק וועט דינען דעם צוועק אין וועלכען אונזערע מיטגלידער נויטיגען זיך אַזוי שטאַרק.

### וואָס דער סיק־בענעפיט פאָנד טוט פאַר די קלאָוק־אָפּערייטאָרס

דער סיק בענעפיט פאָנד פון לאָקאַל 117, האָט אָנגעהויבען פונקציאָנירען דעם ערשטען פעברואַר. די מיטגלידער פון לאָקאַל האָבען זיך שנעל באַנוצט מיט דער געלעגענהייט צו באַראַטען זיך מיט די דאָקטוירים איבער זייער געזונט. עס איז אַ גוטע זאַך, וואָס זיי האָבען עס געטאָן, ווייל אין די אונטערזוכונגען איז אויסגעפונען געוואָרען, אַז גאָר פילע פון זיי לידען פון וועלכער עס איז קראַנקהייט — אין מאַנכע פּאַלען, פאַר א גאַנץ לאַנגע צייט.

אויף מיין אָנפראַגע צו דר. לעאָ פּרייס, דעם אַסיסטענט דירעקטאָר פון יוניאָן העלטה סענטער, איבער דעם געזונד פון די מיטגלידער פון לאָקאַל 117, וועלכע מען האָט אונטערזוכט, האָט ער ערקלערט:

„עס זיינען פאַרביי בלויז צוועלף טעג זינט לאָקאַל 117 האָט דערעפענט איר קראַנקען־פאַרזיכערונג און מיר האָבען שוין ביז איצט ערהאַלטען איבער 40 קלעימס פאַר קראַנקען בענעפיט. וואָס עס איז וויכטיג פאַר'ן לאָקאַל איז דער פאַקט וואָס די אַלע וועלכע האָבען זיך געמאָלדען קראַנק, זיינען איבער 40 יאָר אַלט און די קלעימס זיינען אַ רעזולטאַט פון ערנסטע עקסידענטס און קראַנקהייטען — אַ גרויסער פּראָצענט פון זיי, האַרץ קראַנקהייטען. די מערסטע לידען שוין דערפון אַ היבשע צייט.

„ארום 820 דאָלאַר זיינען שוין ביז היינט באַוויליגט געוואָרען און בלויז דריי קלעימס זיינען ענטזאָגט געוואָרען. די אורזאַכע פאַר דער אויסערגעוויינליך גרויסער צאָל קלעימס איז דאָס וואָס פילע פון זיי זיינען אין האָספּיטעלער דורך קראַנקהייטען אָדער באַשעדיגונגען וואָס זיי האָבען געליטען איידער דער קראַנקען בענעפיט פּלאַן האָט אָנגעהויבען פונקציאָנירען, און אונזער ליבעראַלע אויסטייטשונג פון די פאַרשריפטען צו צאָלען בענעפיט אויך צו אַזוינע וועלכע זיינען קראַנק געוואָרען איידער דער פאָנד האָט אָנגעהויבען צאָלען, פאַרגרעסערט, נאַטירליך, די צאָל קלעימס.

„מיר גלויבען, אַז סיי דער לאָקאַל און סיי די מיטגלידער זיינען זייער צופרידען. זיי באַגרייפען דעם גרויסען נוצען וואָס די עלטערע מיטגלידער קריגען דורך דעם וואָס דער לאָקאַל באַזאָרגט זיי מיט די דאָקטאָר קאָסטען און אויסגאַבען דורך דער צייט ווען זיי זיינען קראַנק און קענען ניט אַרבייטען.

### די מעדיצינישע הילף וואָס לאָקאַל 91 גיט די מיטגלידער

אין אַ פריערדיגען נומער „גערעכטיגקייט" האָב איך שוין אָנגעוויזען, אַז די טשילדרען דרעסמאַכער יוניאָן לאָקאַל 91 איז געגאַנגען ווייטער אין איר באַזאָרגען אירע מיטגלידער מיט מעדיצינישע באַהאַנדלונג, ווי וועלכע עס איז אַנדער לאָקאַל. דער פאָלגענדער פאַל אילוסטרירט אויסגעצייכענט די נוצען דערפון. אַ געוויסער מיטגליד פון לאָקאַל 91 איז געקומען אין יוניאָן העלטה סענטער פאַר אַן אונטערזוכונג. עס איז געווען אוממעגליך פעסטצושטעלען פון וואָס פאַר אַ קראַנקהייט זי לידט אָן אַ צאָל עקס רעי אונטערזוכונגען. ווען מיר האָבען געלאָזט וויסען ברודער גרינבערג וועגען דעם פאַל, האָט ער אויטאָריזירט צו נעמען די נויטיגע בילדער און עס איז אויפגעדעקט געוואָרען אַז די פרוי לידט פון אַ שטיין אין גאַל בלאָדער. עס איז בלויז דורך דער הילף פון דער יוניאָן וואָס די קראַנקהייט איז אויפגעדעקט געוואָרען און די פרוי קען קורירט ווערען. אָט אין דעם פאַל וואָלט וואַרשיינליך די קראַנקהייט פאַרנאַכלעסיגט געוואָרען מיט שווערע רעזולטאַטען.

# נייע מאָנטרעאָלער דרעסמאַכער יוניאָן באַפעסטיגט דורך דריי־יאָהר אַגרימענט

ווידער האָב איך דעם גרויסען פאַרגע־ניגען צו באַריכטען וועגען אַ גרויסען זיג פון אונזער אינטערנעשאָנאַל אין מאָנטרעאָל.

איך מיין דאָס שליסען פון די צוויי אַגרימענטס אין דרעס־טרעיד. די אַגרימענטס וועלכע פאַרזיכערען אַ לאַנגע פרידענס־פעריאָדע אין אונזער דרעס־טרעיד. אַ דאַנק אָט דעם דויערענדען פרידען וועט די נייע דרעסמאַכער יוניאָן איינגעפונדעוועט און פאַרשטאַרקט ווערען.

די גרויסע באַדייטונג פון דעם זיג באַשטעהט ניט בלויז אין דעם וואָס מיר האָבען געקראָגען בעסערע אַר־בייטס־באַדינגונגען פאַר אונזערע מיטגלידער. דאָס אַליין איז אַגב אויך זעהר וויכטיג. אָבער נאָך וויכטיגער איז וואָס ס'איז אונז געלונגען בייצוקומען געוויסע אינטריי־געס וואָס אונזערע שונאים האָבען געפיהרט כדי אריינ־צוציען אונז אין אַ סטרייק מיט דער אָביזיכט צושמעטע־רען אונזער אָרגאַניזאַציע. די בייזוויליגע כחות וועלכע האָבען געאַרבייט געגען אונז האָבען נאָכאַמאָל אויסגע־פונען, אַז די אינטערנעשאָנאַל אין מאָנטרעאָל איז שטאַרק גענוג בייצוקומען איהרע געגנער. די מערסטע מאַנו־פעקטשורערס ווייסען שוין, אַז עס לוינט זיך זיי ניט צו לאָזען זיך באַאיינפלוסען פון אינטריגעס און זיך פאַר־בינדען מיט די עלעמענטען וועלכע מאַנעווירען כסדר געגען אונז.

עס איז געווען אַ קליין גרופּקע בעלי־בתים וואָס האָט געמיינט, אַז מען קאָן אויסנוצען דעם פאַקט וואָס דער דרעסמאַכער אַגרימענט איז נאָך אין קראַפט כדי אריינצוציען אונז אין אַ סטרייק פון דרעס־קאַטערס און אַזוי ארום ברענגען צו אַ לאַגע, אַז אויך די דרעס־מאַכער זאָלען וואַרפען די אַרבייט און דאַן וואָלטען זיי געקאָנט ארויסקומען מיט אַ גוואַלד, אַז מיר האָבען גע־בראָכען דעם אַגרימענט. עס איז געווען אַזוי: דער קאַטערס אַגרימענט איז געשלאָסען געוואָרען אין פריה־לינג 1936 און איז געווען אין קראַפט ביז 15טען יאַ־נואַר 1938. די דרעסמאַכער האָבען געהאַט דעם היס־טאָרישען סטרייק אין פריהלינג 1937 און נאָכ'ן סטרייק, ווען מיר האָבען געשלאָסען פאַר זיי דעם אַגרימענט, האָבען מיר דאָך ניט געקאָנט מאַכען אַזאַ אַגרימענט וואָס זאָל זיך אויסגלייכען אין צייט מיט דעם קאַטערס אַגרי־מענט, ווייל ס'איז דאָך ניט קיין שכל צו מאַכען אַן אַגרימענט אויף 8 חדשים. אַזוי ארום האָט זיך געהאַט געשאַפען אַ ניט־גינסטיגע לאַגע דאָס די טערמינען פון די צוויי אַגרימענטס זיינען ניט געווען איינהייטליך. דאָס איז פון אונז באַטראַכט געוואָרען פאַר אַ חסרון און אָט דעם חסרון האָבען מיר געוואָלט אָפּשאַפען און טאַקע אָפּגעשאַפט אין די איצטיגע פאַרהאַנדלונגען. די פאָדערונג אויסצוגלייכען די צייט פון ביידע אַגרימענטס איז געווען די וויכטיגסטע וועלכע מיר האָבען ארויסגע־שטעלט אין די אונטערהאַנדלונגען וועלכע האָבען זיך אָנ־געפאַנגען דעם 6טען דעצעמבער.

די אונטערהאַנדלונגען זיינען צוגעגאַנגען ניט לייכט. אין אָנפאַנג האָבען די בעלי־בתים געהאַט ארויסגע־שטעלט פאָדערונגען פאַר אַ לוין־פאַרקלענערונג. עס זיינען געווען אַנדערע שוועריגקייטען. די יוניאָן־ברע־כערישע בעלי־בתים האָבען געאַרבייט מעשים. זיי האָ־בען געפאָדערט, אַז די מיטגלידער פון מאַנופעקטשו־רערס גילד זאָלען איינלייגען „באָנדס" אַלס גאַראַנטיע, אַז זיי וועלען ניט סעטלען אומאָפּהענגיק פון דער „גילד". מיר האָבען אויף אָט די מאַניפּולאַציעס רעאַגירט דער־מיט וואָס מיר האָבען ארויסגעשיקט בריוו צו יעדען מאַנופעקטשורער אין וועלכע מיר האָבען געוואָרענט, אַז אויב מיר וועלען ביז דעם 31טען יאַנואַר ניט קומען צו אַ פאַרשטענדיגונג מיט דער „גילד" וועגען פריד־לאַכע אונטערהאַנדלונגען וועלען מיר באַלד אָפּשטעלען „אָווערטיים" און מיר וועלען שליסען קאָנטראַקטען מיט אינדיווידועלע מאַנופעקטשורערס, און אויב נויטיג, האָ־בען מיר געוואָרענט, זיינען מיר אויך גרייט צו אַ קאַמף.

אָט די וואָרנונג האָט אויפגעלעבט די פאַרהאַנד־לונגען וועלכע האָבען געפיהרט צו דער שליסונג פון די צוויי אַגרימענטס, איינער פאַר די דרעס־קאַטערס און דער צווייטער פאַר די דרעסמאַכער. די ביידע אַגריי־מענטס וועלען לעגאַליזירט ווערען ביז דעם 15טען מערץ 1941.

אָט זיינען די פונקטען פון אַגרימענט.

אין אַלטען אַגרימענט איז געווען אַ פונקט פון 10 פּראָצענט רעאָרגאַניזיישאָן. 5 פּראָצענט אין יאַנואַר און די אַנדערע 5 אין יולי. דער נייער אַגרימענט שאַפט אָפּ די יולי רעאָרגאַניזיישאָן און עס לאָזט איבער בלויז דעם יאַנואַר 5 פּראָצענט. אַזוי אַז די רעאָרגאַניזיישאָן קאַפּאַציטע ווערט פאַרקלענערט אויף פינף פּראָצענט.

וואָס איז שייך די דרעסמאַכער איז איינגעשריבען געוואָרען אַ פונקט, אַז דעם 15טען יאַנואַר 1940 וועט פאָרקומען אַן אַרביטריישאָן צו באַשטימען אַ העכערונג אין די מינימומס פאַר די דרעסמאַכער.

פאַר די קאַטערס איז באַשטימט געוואָרען אַ באַל־דיגע לוין־העכערונג. זיי וועלען קריגען $1.50 איצט און נאָך 1 דאָלאַר דעם 15טען יאַנואַר 1940, וואָס דאָס העכערט דעם מינימום פון די קאַטערס פון 30 דאָלאַר צו 32.50 דאָלאַר.

די טשאָפּערס וועלען איצט קריגען אַ רעיז פון צוויי דאָלאַר און נאָך $1.50 דעם 15טען יאַנואַר 1940. דאָס וועט הויבען זייער מינימום פון $20 צו $23'50.

דער דריטער קלאַס „ספּרעדערס" ווערט איינגאַנצען אָפּגעשאַפט. ביז איצט איז זייער מינימום געווען 15 דאָלאַר אַ וואָך. זיי קריגען באַלד אַ העכערונג פון 2 דאָלאַר. יעדע 6 חדשים וועלען זיי קריגען אַ הוספה פון צוויי דאָלאַר ביז זיי וועלען קומען צום סטענדאַרד פון אַ טשאָפּער.

אַפּרענטיסעס אין טרעיד ווערען באַגרענצט. בלויז איין אַפּרענטיס ווערט ערלויבט אין אַ שאָפּ וואו עס אַרבייטען 7 קאַטערס אָדער מעהר. עס טאָר אין קיין פאַל ניט זיין קיין אַפּרענטיס אין אַ שאָפּ וואו עס אַר־בייטען וועניגער ווי 7 קאַטערס.

אָווערטיים איז ערלויבט בלויז 8 שעה אַ וואָך. פאַר די ערשטע 4 שעה דעם געוועהנליכען לוין און פאַר די אַנדערע 4 שעה אַנדערהאַלבען מאָל אַזויפיל.

דער נייער דריי־יאָהר אַגרימענט וועט, ווי געזאָגט, אונז איצט געבען אַ געלעגענהייט צו באַפעסטיגען זיך אין די שעפּער און אויך געבען אַ געלעגענהייט צו פאַרט־זעצען מעהר אינטענסיוו די אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט אין די נאָן־יוניאָן שעפּער. איך וויל דאָ אַגב באַמערקען, אַז די איצטיגע לוין־העכערונגען פאַר די קאַטערס האָ־בען מיר געקראָגען טראָץ דעם פאַקט וואָס דורך דער צייט וואָס די קאַטערס זיינען אָרגאַניזירט, דאָס איז זינט מאַי 1936, איז אונז געלונגען צו קריגען פאַר זיי גוואַל־דיגע לוין־הוספות, צו אויסגלייכען זייערע וויידזשעס מיט די איינגעשטעלטע מינימומס. די הוספות וועלכע מיר האָבען פאַר דער צייט געקראָגען באַטרעפען צווישען 2 ביז 15 דאָלאַר פאַר אַ קאַטער. דאָס באַווייזט די וויכטיגע באַדייטונג פון האָבען אַ שטאַרקע יוניאָן וואָס זאָל באַשיצען די אינטערעסען פון איהרע מיטגלידער און קאָנען הויבען זייער לעבענס־סטאַנדאַרד.

## די „פעיר־וויידזש באָארד" האָט זיך אָפּגע־בריהט מיט דער „איידיעל דרעס".

די „פעיר־וויידזש־באָארד" פון קוויבעק פּראָווינץ האָט געוואָלט טאָן אַ טובה'לע דער „איידיעל דרעס קאָ." געגען וועלכער מיר פיהרען אַ ביטערען קאַמף, האָט זי זיך טאַקע אָפּגעבריהט. אונזער יוניאָן האָט די באַמטע פון דער באָארד אין מאָנטרעאָל געשטעלט אין אַן אומ־באַקוועמער לאַגע, אַז ס'איז פּשוט אַ רחמנות אויף זיי.

נאָר לאָמיר דערצעהלען וואָס עס האָט פּאַסירט. עס איז אינטערעסאַנט.

מיט איניגע וואָכען צוריק האָבען מיר ארויסגע־שיקט בריוו צו אַ צאָהל סוחרים אין קאַנאַדע צו אַפּעֿ־לירען, אַז זיי זאָלען קויפען זייערע דרעסעס נאָר ביי אַזעלכע פאַבריקאַנטען וועלכע באַהאַנדלען מענשליך זייע־רע אַרבייטער און צאָהלען אָנשטענדיגע וויידזשעס. אונ־זער אַפּיל האָט, ווייזט אויס, געווירקט אַז די „איידיעל דרעס" פירמע זאָל פאַרלירען ביזנעס. האָבען זיי גע־זעהן, אַז ס'איז שלעכט, האָבען זיי געקראָגען עפּעס אימיצען אין דער „פעיר וויידזש באָארד" וואָס האָט זיך אויף זיי מרחם געווען און זיי ארויסגעגעבען אַן „אַטעס־טאַט" אַז זיי זיינען פיינע מענשען. ווען מיר האָבען זיך דערפון דערוואוסט, האָבען מיר זיך געווענדעט צו דער „פעיר וויידזש באָארד", זי זאָל אונז ענטפערען אויף פאָלגענדע פראַגען: ערשטענס, צי האָבען זיי געוואוסט, אַז מיט אַ יאָהר צוריק איז די פירמע געפונען געוואָרען שולדיג אין געריכט אויף אַ קלאַגע פון דער „מינימום וויידזש קאָמיסיע" פאַר פּרויען, פאַר ניט פאַרשרייבען די רעקאָרדס פון אַרבייט ווי ס'דאַרף צו זיין?

און צווייטענס — צי האָבען זיי פאַרגעסען, אַז צוויי וואָכען נאָך דעם סטרייק איז די זעלבע „פעיר וויידזש באָארד" געווען געצוואונגען איינצומאָהנען פון דער „איי־דיעל דרעס" 100 דאָלאַר אַ וואָך „בעק־פּעי" פאַר אַ פּאָר וואָכען פאַר אַ נישטיגער צאָהל סטרייק־ברעכער? דערצו האָבען מיר צו דער פעיר־וויידזש־באָארד צוגע־שטעלט פאָטאָסטאַטס" פון פּעי־ענוועלאָפּס וואָס זיינען אַזעלכע „גרויסע" וויידזשעס ווי $3.48 פאַר 53 שעה אַרבייט, 4 דאָלאַר פאַר 48 שעה א. א. וו.

נו, פיהלען זיי זיך טאַקע זעהר ניט אַנגענעהם, די „טשינאָווניקעס" פון דער פעיר־וויידזש־באָארד, וועגען די פראַגען וואָס מיר האָבען זיי געשטעלט? דערווייל האָבען זיי צוגעגעבען פאַר אונזערע לאָיערס, אַז זיי האָ־בען געמאַכט אַ טעות. יאָ, אַזוי רופען זיי עס — אַ „טעות". אָבער מיר ערוואַרטען פון זיי אַ מעהר ממשות'דיגען ענטפער און דאָס דאַרפען זיי אונז צו־שטעלען היינט־מאָרגען. עס וועט טאַקע זיין אינטערע־סאַנט צו הערען וואָס זיי וועלען ענטפערען.

דערווייל פיהרען מיר אָן דעם סטרייק געגען דער „איידיעל דרעס" מיט דער זעלבער ווירקזאַמער אָנט־שלאָסענהייט וואָס ביז איצט. דער מוט פון די סטריי־קערס איז פריש און שטאַרק. די טעג האָב איך בייגע־וואוינט זייערען אַ סטרייק־פּיקעט באַנקעט. די אַרביי־טערינס האָבען אַליין צוגעגרייט די מאכלים, אַליין איינ־געקויפט די פּאָטייטעס און גרינצייג און טשיקען און שאַר ירקות, אַליין געקאָכט און סערווירט. מיר האָ־בען צום אָווענט צוגעשטעלט בלויז די מוזיק. עס איז געווען אַ וואונדערבאַרער באַנקעט פאַר אַ וואונדערבאַ־רען ציל, אַ ציל צו שטעהן סאָלידאַריש און קעמפען פאַר דאָס רעכט צו זיין אָרגאַניזירט אונטער דער פאָהן פון דער אינטערנעשאָנאַל. ווען די בעלי־בתים פון דער

טאָרס. דאָס איז אַ באַדייטענד קלענערע צאָל ווי מיר האָבען געהאַט אין טרייד אין 1936.

דאַמאָלס האָבען מיר פאַרמאָגט ניט וועניגער פון 2197 קאָנטראַקטאָרס. דאָס איז צו פאַרדאַנקען דעם פּונקט פון אונזער איצטיגען אַגרימענט, וועלכער באַציט זיך אויף „לימיטיישאָן".

מר. יאָוועליר באַריכטעט ווייטער, אַז 69 פּראָצענט פון די קאָנטראַקטאָרס האָבען צו 1 דזשאָבער יעדערער, וועהרענד אין 1935 האָבען בלויז 26 פּראָצענט פון די קאָנטראַקטאָרס געהאַט צו 1 דזשאָבער. דאָס איז דער בעסטער באַווייז, אַז די דרעס טרייד האָט זיך באַדייטענד סטאַבעליזירט און ווען ניט די איצטיגע דעפּרעסיע, וואָלטען מיר געמאַכט אַ היבש ביסעל פאָרשריט.

די דרעס אינדוסטריע האָט בייגעשטייערט איבער 1 מיליאָן דאָלאַר צום פעדעראַלען „אָלד איידזש פּענשאָן פאָנד" און קאַרגע 800 טויזענט דאָלאַר צו אַרבייטס־לאָזען פאַרזיכערונגס פאָנד. ווען דער שרייבער פון די שורות האָלט ניט געווען אַ „טשלען גובערנאַטאָרסקאי דומאַ" האָלט ער דאָ דערציילט אַ מעשה ווי די בעלי־בתים, גרויסע און קליינע, האָבען באַ'גנב'עט די רע־גירונג און באַ'גזל'ט די אַרבייטער דורכדעם, וואָס זיי האָבען אַרונטערגענומען די פּראָצענטען פון די אַר־בייטער און פאַרגעסען עס איבערצושיקען אין וואשינג־טאָן אָדער אין אַלבאַני. מיר וועלען עס אָבער ניט טאָן. עס פּאַסט ניט.

## זייט געגריסט מיטגלידער פון ברענטש 122 א. ר.

די מיטגלידער פון דעם „פּראָגרעסיווען דרעסמאַ־כער ברענטש 122, אַרבעטער רינג", פייערען שבת אָווענט, פעברואַר דעם 26־טען, זייער 3־טען יאָר־פעסט. די צייט ערלויבט ניט אַ מער לענגערע באַגריסונג. באַ־גנוגענען מיר זיך דאָס מאָל, מיט ווינשען אונזער ברענטש; וועלכער באַשטייט דורך אויס פון לאָקאַל 22 מיטגלידער, אַ סך אַ סך יאָרען פון פּרוכטבאַרע טעטיג־קייט און גרויסע ערפאָלגען אויפ'ן סאָציאַלען און קול־טורעלען געביט.

# באָסטאָן גרייט זיך צו אָרגאַניזירען דעם דרעס טרייד

מיט'ן אָנקומען פון ספּרינג סעזאָן גרייט זיך די אינטערנעשאָנאַל אָנצוהויבען אַ טיכטיגען אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיין אין די דרעס און סקוירט שעפּער פון באָסטאָן, וועלכע האָבען זיך ביז איצט אויסבאַהאַלטען פון יוניאָן באַדינגונגען און יוניאָן קאָנטראָל.

יאָרען לאַנג האָבען די באָסטאָנער דרעס מאַנופעקטשורערס זיך אויסגעהיט פון יוניאָן קאָנטראָל, דורך שליסען זייערע שעפּער דורך דער צייט פון די אַלגעמיינע סטרייקס, וואָס פלעגען פאָרקומען כמעט יעדע צוויי יאָר ביים באַנייען אַגרימענטס. נאָכדעם ווי דער סטרייק פלעגט געסעטעלט ווערען, פלעגען זיי צוריק עפענען די שעפּער און, אַזוי אַרום זיך פאַרזיכערען אויף נאָך צוויי יאָר מיט רוה און וואוילשטאַנד פאַר זיך און הונגער און ליידען פאַר זייערע בעל מלאכות.

היינטיגס יאָר אָבער, האָט די דזשאָינט באָארד אָנגעווענדעט אַנדערע מעטאָדען און אַן אַנדער טאַקטיק. אָנשטאָט צו רופען אַ גענעראַל סטרייק, האָט די יוניאָן באַנייט דעם אַגרימענט אויף נאָך אַ יאָר אָן אַ סטרייק און האָבען איינגעשטעלט אַן אָרגאַניזיישאָן דעפּאַרטמענט אויסצושפּרייטען דעם יוניאָן קאָנטראָל איבער די שעפּער פון די איינגע'עקשנ'טע באָסעס, וועלכע האָבען זיך ביז איצט געטאָן וואָס זייערע הערצער האָבען געגלוסט. אויב עס וועט נויטיג זיין, איז די יוניאָן גרייט צו צווינגען זיי דורך קאַמף נאָכצוגעבען יוניאָן באַדינגונגען און יוניאָן קאָנטראָל פאַר זייערע אַרבייטער.

אויף דעם פאַרלאַנג פון פּרעזידענט דובינסקי, איז די שרייבערין פון די שורות אָפּגעפאָרען נאָך באָסטאָן אָנצופירען דעם אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיין. די הויפּט קוואַרטיר איז איינגעשטעלט געוואָרען אין דזשאָינט באָארד בילדינג, וועלכער איז איינגעאָרדענט געוואָרען פאַר דעם צוועק. דעם קאַמפּיין האָבען מיר אָנגעהויבען מיט אַ רייע פאַרזאַמלונגען פון די מיטגלידער צו מאָבּאַליזירען זיי פאַר דער אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט. דריי אַזוינע מיטינגען זיינען שוין געהאַלטען געוואָרען.

דעם ערשטען דזשענעראַל מעמבער מיטינג האָט גערופען דער איטאַליענישער לאָקאַל 80. ערשטער וויס-פּרעזידענט לואידזשי אַנטאָניני, איז געווען דער הויפּט רעדנער. דעם מיטינג האָבען אויך אַדרעסירט די וויס-פּרעזידענטען פיינבערג, קרעימער און די שרייבערין פון די שורות.

מיטינגען זיינען אויך געהאַלטען געוואָרען פון דרעסמאַכער לאָקאַל 46 און דעם פּרעסער לאָקאַל 12, וואו די שרייבערין פון די שורות האָט פאָרגעלייגט די פּלענער פון דעם אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיין און עס

פון ראָוז פעסאָטאַ, וויס-פּרעזידענט.

האָבען גערעדט מענעדזשער קרעימער און וויס-פּרעזידענט י. פיינבערג. די מיטינגען זיינען געווען אויסערגעוויינליך גוט באַזוכט און די מיטגלידער האָבען ענטוזיאַסטיש פאַרשפּראָכען צו טאָן אַלץ וואָס זיי וועלען קענען צו מאַכען דעם קאַמפּיין פאַר אַן ערפאָלג.

דער קאַמפּיין איז שוין איצט אין פולען שוואונג. די ערשטע, נאַטירליך זיינען די קאָטערס, וועלכע גייען פאָראויס. די אַרבייטער פון די אַנדערע פאַכען שטייען ניט אָפּ. מיר זיינען זיכער, אַז באָסטאָן וועט אין גיכען אַוועקגעשטעלט ווערען אויף דער מאַפּע פון דער אינטערנעשאָנאַל אַלס אַ פול אָרגאַניזירטער מאַרקעט.

דער דרעסמאַכער לאָקאַל, איז נאַטירליך אַם מערסטען פאַראינטערעסירט אין דעם איצטיגען קאַמפּיין און גרייט צו אַ מאַסען פאַרזאַמלונג פאַר אַלע מיטגלידער, וועלכער וועט געהאַלטען ווערען מאָנטאָג, דעם 7-טען מאַרטש, אין אונזער אייגענעם גרויסען אודיטאָריום. דער הויפּט רעדנער דעם אָוונט וועט זיין וויס-פּרעזידענט טשאַרלס זימערמאַן, מענעדזשער פון דרעס מאַכער לאָקאַל 22.

דער עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט האָט דערווײַלע אויסגעאַרבייט אַ בילדונג פּראָגראַם פאַר'ן נעקסטען סעמעסטער, וועלכער ווערט ערעפענט דעם 23-טען פעברואַר. קלאַסען ווערען געגעבען אין ענגליש, טעגליכע פּאַסירונגען, טרייד יוניאָן דינסט, געזאַנג און אַ טאַנץ קלאַס, אַ רעדנער-קלאַס און דראַמאַטיקס.

דער מיסעלייניאוס טרייד דעפּאַרטמענט אונטער דער פירערשאַפט פון י. האַלפּערין און מערי לעווין, קאָאָפּערירען און העלפען אונז מיט אַלע מעגליכקייטען צו אָרגאַניזירען די סוועט שעפּער אין דער פרויען קליידער אינדוסטרי דאָ אין שטאָט.

## פריינד פון דענווער סאַנאַטאָריום האַלטען אַ קאָנווענשאָן אין ניו יאָרק דעם מאָנאַט

די 34טע קאָנווענשאָן פון דעם דענווער סאַנאַטאָריום וועט געהאַלטען ווערען אין ניו יאָרק אין האָטעל אַסטאָר, דעם 26, 27 און 28-טען מאַרטש. די ערעפענונגס זיצונג פון דער קאָנווענשאָן וועט געהאַלטען ווערען שבת אָוונט, מאַרטש 26-טען אויפ'ן רוףגאַרדען. פּראָמינענטע מענשען אין לאַנד און פון דער אַרבייטער באַוועגונג וועלען רעדען ביי דער ערעפענונג. עס וועט אויך דורכגעפירט ווערען אַ רייכע פּראָגראַם פון דער אידישער און ענגלישע בינע. עס וועט געוויזען ווערען מאָווי בילדער פון דעם סאַנאַטאָריום און זיינע איינריכטונגען. די גאַנצע פּראָגראַם וועט געגעבען ווערען איבער דער ריידיאָ איבער דריי סטיישאָנס.

די לעזער פון דער גערעכטיגקייט זיינען אָן ספק באַנקעט מיט דער גרויסער אַרבייט, וואָס דער דענווער סאַנאַטאָריום טוט אויפ'ן געביט צו ראַטעווען און פאַרלייכטערען די ליידען פון די קרבנות פון דער ווייסער פּלאָג. טובערקולאָזיס איז אַ פּראָלעטאַרישע קראַנקהייט. די ווייט גרעסטע מערהייט פון אירע קרבנות קומען פון די רייען פון די אַרבייטער און דער אָרעמער באַפעלקערונג — אַ גרויסע צאָל פון זיי פון די נאָדעל טריידס, אונזערע אייגענע שוועסטער און ברידער. דער דענווער סאַנאַטאָריום איז פאַר פילע פון זיי די איינציגע האָפענונג, זייער איינציגער שטיץ-פּונקט. דאָרט קריגען זיי די בעסטע שפּייז, אומגעבונג און מעדיצינישע הילף, וועלכעס שטעלט זיי צוריק אויף די פיס. און דאָס אַלעס ווערט געטאָן ניט ווי צדקה, וועלכעס פאַרביטערט דאָס לעבען פון די קראַנקע, נאָר ווי אַ מענשליכע און געזעלשאַפטליכע פליכט, וואָס מאַכט די פּאַציענטען פילען פריי און היימיש.

איינטריט צו די זיצונגען פון דער קאָנווענשאָן איז פריי. עס וועלען דאָרט אויך ניט געמאַכט ווערען קיין געלט אַפּילס. מען ערוואַרט טויזענטער אַרבייטער און סימפּאַטיקער זאָלען ביווואוינען די ערשטע זיצונג.

## קלאָוק מאַכער אין לאָס אַנדזשעלעס פּרעזענטירען שאַפּ טשערמאַן.

מיר, די אַרבייטער פון שילער, עמדור און בריקער, פאַרזאַמעלט ביי אַ שאַפּ מיטינג דאָנערשטאָג, דעם 3טען פעברואַר, 1938, אין אָפיס פון דזשאָינט באָארד, מיט דעם ביזנעס אַגענט ברודער רובינשטיין אַלס פאָרזיצער, נעמען אָן פאָלגענדע רעזאָלוציע:

אין אנבאַטראַכט, אַז ברודער דזש. ל. גאָלדבערג איז אונזער שאַפּ-טשערמאַן דעם דריטען סיזאָן און ער פאַרטרעט די אינטערעסען פון די אַרבייטער פון שאַפּ פעהיג, ענערגיש און האָט אויסגענוצט אַלע מעגליכקייטען פאַר דעם וואוילזיין פון די אַרבייטער פון שאַפּ, אַן שום באַצאָלונג, באַשליסען מיר אויסצודריקען אים עפענטליך אונזער אַנערקענונג און פּרעזענטירען אים מיט אַ ווערטפולער מתנה פאַר זיין גוטער אַרבייט. מיר דריקען אויך אויס אונזער דאַנק צו דער שאַפּ קאָמיטע, וואָס מיט זייער הילף איז אונזער שאַפּ איינער פון די בעסטע יוניאָן שעפּער אין לאָס אַנדזשעלעס.

רעזאָלוציאָנס קאָמיטע:

אַ. קאָהען, לאָקאַל 65; ב. יעלין, לאָקאַל 97; סאַרע סילווער, לאָקאַל 65.

## מיט זיי!

פון קלאַראַ מאַראָו

זאָל זיין, דאָס דיין האַרץ
איז אין שטיינער פאַרמויערט,
פון אויבען
פאַרגאָסען מיט בליי;
איהר קען שוין ניט גרייכען
דער יאָמער פון טרויער,
ניט ריהרען
די שמערץ פון קיין וועה.

זאָל זיין דאָס דיין האַרץ
איז פאַרפרוירען,
פאַרגליווערט, גליטשיג און קאַלט,
עס קען איהר ניט שמעלצען
קיין בריהענדע טרערען,
ניט שפּאַלטען
די האַק מיט געוואַלד.

זאָל זיין, דאָס דיין האַרץ
איז דער אָפּגרונד,
שוואַרץ, בייז
ווי די כוואַליעס אין ים,
ווערען די טרערען
פאַרלאָרען אין כוואַליעס
ביטער און גאַליג ווי סם.

זאָל זיין, דאָס דיין האַרץ
איז דער ברענענדער גיהינום,
עס לעשט איהם
קיין טרערען, קיין געוויין,
וואָס שלינגט איין די ליידען
אָהן געפילען
און שליידערט צוריק
מיט אַ שטיין.

דאַן זאָלסטו זיך בריהען
אין אייגענע פלאַמען
און איך וועל אויסמיידען
דיין וועג;
די מוטיגע, פילענדע
הערצער די בראַווע,
זיי וועלען געהן
אין מיין וועג.

איז אמת, אַז אונטער געוויסע אומשטענדען, ווען אַרבייטער זיינען פאַרצווייפעלט, הונגעריג, אָן אויסזיכטען פאַר דער צוקונפט — קלעפּט זיך צו זיי פאַרשיידענע סאָרטען פּראָפּאַגאַנדע געגען דער אַדמיניסטראַציע, פּונקט ווי מיר וואָלטען געווען די שולדיגע, און פיל מאָל דריקט זיך אויס די קריטיק צו דער יוניאָן ניט אין דער פאָרמע פון קאָנסטרוקטיווער קריטיק, ווי זיך בעסער צו פאַרשטעהן און אַלע, קאָלעקטיוו, אויסבעסערען די אַרבייט אין די אינטערעסען פון די מיטגלידער, נאָר, פאַרקערט, די מערסטע קריטיק צילט ערגעץ אַנדערש און פיל מאָל דריקט זיך דאָס אויס בלויז אין וואַרפען שמוץ, וואָס דאָס איז זעהר ניט געזונט.

די אַדמיניסטראַציע אָבער רעאַגירט אויף דעם. מיר נעמען אין אָנבאַטראַכט די אומשטענדען, די צייט, די פּסיכאָלאָגיע פון דעם פּשוט'ן אַרבייטער, וואָס ער איז נאָך ניט גרייט זיך פאָנאַנדערצוקלייבען אין דער פּאָליטישער באַדייטונג פון אַקריזיס — און פיל ווייניגער קלערט מען זיי דאָס אויף.

לאָמיר האָפען, אַז אונזערע מיטגלידער וועלען באַזיצען די געהעריגע מאָס אויסדויער, דיסציפּלין און טאָלעראַנץ און זיך אָפּהאַלטען פון ניט קיין קאָנסטרוקטיווע קריטיק; ווי אַלע מאָל אָנהאַלטען דעם גייסט פון יוניאָןלייט און ניט ווערען מיטגעריסען פון דער פּראָפּאַגאַנדע, אַזוי אַז ווען די פּאַסענדע צייט וועט קומען וועלען מיר זיין בכוח צו קעמפען פאַר בעסערע באַדינגונגען און פאַרשטאַרקען אונזער יוניאָן.

# וואס הערט זיך ביי די ריינקאוט מאכער?

פון יוסף פאסטערנאק
פראטאקאל-סעקרעטאר, לאקאל 20.

מיר וואלטן אייגנטליך אט די פראגע געקאנט פארענטפערן אין עטליכע, געציילטע ווערטער. מיר וואלטן געקאנט זאגן, אז ביי די רעגענ-קאוט מאכער הערט זיך דאס זעלבע וואס ביי אלע אנדערע מאכער; דאס זעלבע וואס אין אלע נאדעל-פאכן, נעמליך — סלעק, ארבייטסלאזיגקייט, קריזיס און ענליכע גליקן.

מיר וואלטן אבער ניט געווען גערעכט צום ענין און צו זיך אליין, ווען מיר וואלטן זיך באנוגענט מיט אזא ענטפער. עס פאדערט זיך א טיפערע און ברייטערע באהאנדלונג פון דער איצטיגער לאגע אין וועלכער די ניו יארקער ריינקאוט מאכער געפינען זיך, און אן איבערבליק איבער דער רעינקאוט אינדוסטריע בכלל.

עס איז אמת, אז דער איצטיגער עקאנאמישער קריזיס אין לאנד, דער סיט-דאון סטרייק פון גרויס-קאפיטאל, וואס האט געטראפן אלע גרונטאווע אינדוסטריען, האט אויך געהאט א ווירקונג אויף דער רעינקאוט אינדוסטריע; עס איז אויך טיילוויז אמת, אז רעגענ-מאנטלען זיינען ניט קיין נויטווענדיגקייט, נאר א לוקסוס-ארטיקעל, אן וועלכען מען קען זיך באגעהן; עס איז אמת, אז ווען מען געהט אויס צענדליגער גאסען אין א רעגענדיגען טאג זעט מען קוים איינעם פון טויזענטער מענשען טראגען א רעינקאוט. אבער כאטש די אלע אורזאכען האבען בייגעשטייערט צו דער שווערער לאגע, זיינען זיי אבער ניט די איינציגע פאקטארען.

איז דאך א באוואוסטער פאקט, אז רעינקאוטס זיינען געמאכט געווארען אין די יארען פון קריזיס, אויב ניט מער, איז, לפחות, ניט ווייניגער ווי אין די פראספעריטי-יארען, — אויב מיר זאלען גלויבען סטאטיסטישע ציפערען; טרעפט דאך די פראדוקציע פון רעינקאוטס אן צענדליגער מיליאנען דאלארס און עס געפינען זיך רייכע באלעבאטים אין דער רעינקאוט אינדוסטריע. מוז דאך מסתמא זיין אן אנדער אורזאך פאר וואס קנאפע פיר הונדערט ארבייטער, וואס זיינען דירעקט באשעפטיגט אין פראדוצירען רעגען-מאנטלען אין אזא שטאדט ווי ניו יארק מיט איהר זיבען-מיליאניגער באפעלקערונג, קענען ניט מאכען קיין לעבען אין דעם טרייד. דאס צו ערקלערען איז נויטיג צוריקצובליקען אויפ'ן רעינקאוט-פאך און זיין אנטוויקלונג דורך די לעצטע צוויי צענדליג יאר.

אין יענער צייט איז דער רעינקאוט פאך געווען איינער פון די בעסטע פון די קלענערע נאדעל-פאכן. דער טרייד האט דאן באשעפטיגט אריבער צוויי טויזענט ארבייטער און א גאר גרויסער טייל פון זיי, ספעציעל די סעמענטערס, זיינען פאררעכענט געווען פאר אריסטאקראטען צווישען די נאדעל ארבייטער, וועלכע האבען צו יענער צייט פארהעלטנישמעסיג פארדינט ניט שלעכט אין פארגלייך מיט אנדערע ארבייטער. דער רעגען-מאנטעל צו יענער צייט און אפילו אויך אין די שפעטערע יאהרען איז פאררעכענט געווארען פאר א גארמענט, וואס האט געפאדערט סקיל, קענטניש; דער האלב-סעמענטירטער און גאנץ-סעמענטירטער מאנטעל וואס מען האט דאן פראדוצירט האט געפאדערט פאך-קענטעניש. מען האט געדארפט זיין א קוואליפיצירטער ארבייטער צו קענען מאכען דעם גארמענט. אמת, מען האט דאן אויך געמאכט א ביליגען רעינקאוט, אבער דעם דאמינירענדען פלאץ האט פארנומען דער קעזשמיר און דער סילק קאוט.

ניו יארק איז דאן געווען דער רעגען-קאוט צענטער. אמת, עס זיינען אויך פראדוצירט געווארען א קליינע צאל רעגען-מאנטלען אין שיקאגא, ריסין, וויסקאנסין, און א פאר אנדערע שטעדט. זיי האבען זיך אבער ניט גערעכענט פאר קיין וויכטיגע פאקטארען אין דער אינדוסטריע. ניו יארק האט דאן געהאט א גרויסע צאל שעפער, וואס האבען זיך ספעציאליזירט אויף דעם בעסערען רעגען-מאנטעל.

לעבען מיר דאך, אבער, אין א קאפיטאליסטישער סיסטעם, וואו דאס פראדוצירען און דאס פארטיילען די געשאפענע סחורה איז ניט פלאנירט, נאר געבויט אויף ספעקולאציע און פרייער קאנקורענץ, וואס עס פירט צו פארקלענערען די פרייזען פון ארבעט אלס א מיטעל צו קאנקורירען; אוועקצומאכען מיט די קוואליפיצירטע ארבייטער און פארנעמען זייער פלאץ מיט ניט געשולטע ארבייטער; דורך איינטיילען דעם גארמענט אין פארשיידענע אפעראציעס, וואו יעדער ספעציאליזירט זיך בלויז אויף איין טייל ארבייט; אין ראציאנאליזירען די פראדוקציע דורך טעכנישע אנטוויקלונגען, ווי מאשינערי, ספיד-אפ און אנדערע מיטלען אויף דעם ארבעטערס רעכענונג.

אזוי זעהען מיר אין די שפעטערע יאהרען ווי דער בעסערער מאנטעל פארשווינדט און זיין פלאץ פארנעמט, מיט קליינע אויסנאמען, דער ביליגער רעגען-מאנטעל און אויך דער ביליגער מאנטעל ווערט ביסלאכוויז פארשוואונדען פון ניו יארק, אזוי אז דער ניו יארקער מארקעט ווערט אלץ קלענער און קלענער. פארשטייט זיך, אז די צאל ארבייטער אין טרייד ווערט ווינציגער. דער ניו יארקער מארקעט ווערט אריבערגעפירט אין אנדערע שטאטען. דעם הויפט פלאץ פארנעמט באסטאן. אין באסטאן און אומגעגענט וואקסען אויס גרויסע שעפער מיט הונדערט און הונדערט און פופציג מאשינען. סעקשאן ארבעט פארנעמט דעם פלאץ פון דעם קוואליפיצירטען ארבייטער, אזוי אז עס האט ניט גענומען לאנג און א גרויסע צאל סעמענטערס — די געוועזענע אריסטאקראטען — זיינען ארויסגעשטויסען געווארען פון שאפ. זייער פלאץ האבען פארנומען די דאבעל-נאדעל מאשינען און דער גענייטער מאנטעל.

עס איז אן אלטער כלל, אז דארט וואו סעקשאן-ארבעט ווערט איינגעפירט מיט נייע ארבעטער אין טרייד מוזען די באדינגונגען פון די ארבעטער זינקען. דארט וואו דער גאנצער באלמעלאכע ווערט איבערגעמאכט פארביטען מיט איינעם, וועלכער קען ניט מער ווי „שיסען" סימס, מוז דער פרייז פון ארבעט פאלען.

דער רעזולטאט איז, אז דער ניו יארקער מארקעט איז אריבערגעפירט געווארען נאך באסטאן, און באסטאן איז איצט געווארען דער גרעסטער רעגען-קאוט צענטער.

באסטאן אן און פאר זיך האט אויך א שטיקעל געשיכטע און עס לוינט זיך אפצושטעלען אויף דעם.

וואלט די אינטערנעשאנאל צו יענער צייט געווען דאס וואס זי איז איצט וואלט פילייכט די לאגע געווען גאר אן אנדערע. איז אבער די אינטערנעשאנאל דאן נאך ניט געווען אזוי מעכטיג ווי היינט. דערצו האט נאך דעמאלט געהערשט אזא שרעקליכע רעאקציע געגען ארגאניזירטע ארבעטער, אזוי אז דער נייער רעינקאוט צענטער איז געבליבען אן אפען-שאפ צענטער.

לאקאל 20, דאן א שטארקער און גוט ארגאניזירטער לאקאל, האט מיט איהרע אייגענע כחות און מיטלען און אויך מיט דער קאאפעראציע פון דער אינטערנעשאנאל געמאכט פארשיידענע פארזוכען צו ארגאניזירען א יוניאן דארט. אונזער לאקאל האט בייגעשטייערט גרעסערע סומען געלט פאר דעם צוועק. ארגאנייזערס זיינען ארויסגעשיקט געווארען פון דער אינטערנעשאנאל; קאמיטעס פון אונזער לאקאל האבען געארבעט שווער צו עטאבלירען א יוניאן. איינינגע מאל איז עס געלונגען צו ארגאניזירען א לאקאל. האט עס אבער ניט געהאט קיין אריכת ימים. דער לאקאל האט ניט געקאנט פונקציאנירען, אזוי דאס באסטאן איז פאר פילע יאהר כמעט געווען אין אפען-שאפ צענטער. דאס האט אנגעהאלטען ביז מיט צוויי יאהר צוריק ווען די אינטערנעשאנאל האט אנגעפירט א סטרייק צו ארגאניזירען דעם רעינקאוט טרייד, און לאמיר דא זאגען, אז צום קרעדיט פון דער אינטערנעשאנאל, וועלכע האט ניט געשפארט קיין געלט און כחות, איז איינגעשטעלט געווארען אין באסטאן א גוט-פונקציאנירענדיגער לאקאל. כאטש עס איז נאך דא גענוג פלאץ פאר אויסבעסערונגען און כאטש די ווידזשעס פון די מיידלאך זיינען נאך קליין, איז אבער איינגעשטעלט געווארען צווישען אונזער לאקאל און דעם לאקאל אין באסטאן בעסערע באציאונגען און די ארבעט ווערט פיל ווייניגער קאארדינירט.

דאס מיינט אבער ניט, אז אין ניו יארק איז שוין די רעינקאוט סיטואציע בעסער געווארען. ניין! דער צושטאנד איז כמעט פארבליבען דער זעלבער. די קאנקורענץ אין דער רעינקאוט אינדוסטריע איז ניט אפגעשאפט געווארען, נאר אין פיל פרטים נאך פארשטארקט געווארען, ביז דער מענס רעינקאוט און טיילוויז אויך דער ביליגער פרויען-קאוט איז כמעט ארויסגעשטופט געווארען פון מארקעט, און זיין פלאץ פארנעמט אלס מער דער ביליגער גאבארדין קאוט.

פאר אונזער לאקאל שטעהט איצט פאר א וויכטיגע פראבלעם, א קאמפליצירטער און פארוויקעלטער.

פאר פילע יאהרען האבען מיר א פונקט אין אונזער אגרימענט, אז אלע גארמענטס, אריינרעכענענדיג גאבארדינס און דזשעקעטס, מוזען געמאכט ווערען אין אונזערע שעפער. איז אבער צוליב פארשיידענע אורזאכען, וועגען וועלכע מיר קענען איצט ניט פארנעמען קיין פלאץ צו שרייבען, דער וויכטיגער פונקט ניט אינגאנצען דורכגעפירט געווארען, און איינינגע באלעבאטים האבען זיך שוין געמאכט אלס א טראדיציע די גאבארדינס צו מאכען ניט אין אונזערע שעפער, אנגעבענדיג פארשיידענע תירוצים, און עס האט פאסירט, אז כאטש אונזערע מיטגלידער האבען קיין ארבייט ניט געהאט, זיינען די גאבארדינס געמאכט געווארען אין אנדערע שטעדט.

אבער איצט, מיט דעם פארשארפטען קריזיס, ווען רעגענקאוטס ווערען ווינציגער פראדוצירט, האבען מיר זיך אנגעהויבען אריענטירען אויף די גאבארדינס, און מיר וועלען דארפען געבען צו פארשטעהן אונזערע באלעבאטים, אז מען שרייבט אונטער אן אגרימענט דארף מען איהם דורכפירען און זיי וועלען דארפען מאכען אויך די גאבארדינס אין אונזערע שעפער. מיר וועלען זיי געבען צו פארשטעהן, אויב זיי וועלען ניט וועלען פארשטעהן מיט גוטען, וועט מען זיי צווינגען דורך אנדערע מיטלען צו זיין פאראנטווארטליך צו זייערע ארבייטער און צו דער יוניאן.

אמת, מיט דעם וועלען מיר נאך די גאנצע ארבייטסלאזיגקייט פראבלעם ניט לייזען. ביי אונז וועט אויך נאך זיין א סעמענטער פראבלעם, וואס פאדערט דאך אויך אביסעל מער אויפמערקזאמקייט. אבער אביסעל וועט די לאגע דאך פארבעסערט ווערען.

## א יאר פון דער איצטיגער אדמיניסטראציע

דעם ערשטען מערץ ווערט א יאהר זינט די נייע אדמיניסטראציע איז דערוועהלט געווארען. איז דאך געוויס א חוב פון א יוניאן אפצוגעבען א באריכט פאר א יאהר ארבעט, און באקענען די אייגענע מיטגלידער, און אויך די אויסערע וועלט, מיט דער טאג-טעגליכער ארבייט. איז אבער דא דער פלאץ באשרענקט פאר א לענגערען דעטאלירטען באריכט. מיר וועלען זיך דעריבער באנוגענען מיט א קורצען איבערבליק.

מיר זיינען דערוויילט געווארען אין דעם ערגסטען סלעק פעריאד. דער שטיקעל ספרינג סעזאן וואס מיר האבען דערווארטעט איז ניט מקוים געווארען. ארבעטסלאזיגקייט איז געוואקסען. שפעטער זיינען מיר פארוויקעלט געווארען אין א סטרייק. מאנכע דענקען אז עס איז ניט געווען נויטיג דער סטרייק, אז די פאדערונגען האבען מיר געקאנט קריגען אן א סטרייק. וועלען מיר זיך דא ניט אריינלאזען אין א דיסקוסיע צו באווייזען די ניט אויסגעהאלטענקייט און זייער ניט ריכטיגע אפשאצונג פון דער לאגע. דער פאקט איז, וואס אלע ווייסען, אז נאך די פיל בריוו און אולטימאטומס צו די באלעבאטים זיינען זיי געבליבען איינגעשפארט און ניט געוואלט נאכגעבען קיינע פון די פאדערונגען. די יוניאן האט קיין אנדער אויסוועג ניט געהאט ווי צווינגען די באלעבאטים דורך קאמף פארהאנדלען וועגען א סעטעלמענט.

פארשטעהט זיך, אז מיר קאנען ניט לייקענען און פארבאהאלטען איינינגע שוואכקייטען און טעותן פאר דעם סטרייק — אין דעם סטרייק און אויך שפעטער. עס איז אויך דא וואס צו קריטיקירען. אבער מיט די אלע שוואכקייטען און טעות'ן האבען מיר פארצייכענט באדייטענדע דערגרייכונגען. מיר האבען געקראגען א 10-פראצענט העכערונג אין די ווידזשעס; א צוויי-יאהריגען אגרימענט, לויט וועלכען מיר דארפען ארבייטען פון אויגוסט דעם 1טען 1938 $37\frac{1}{2}$ שטונדען אנשטאט 40 — א באדייטענדער געווינס, וואס וועט פארשפארען דער יוניאן די יערליכע קאפ-וויטאגען מיט קאנפערענצען, אולטימאטומס און דינגעניש.

יא! מיר מאכען דורך א ביטערע צייט. דער גאנצער טרייד איז ארבייטסלאז. נאך דעם שלעכטען סעזאן וואס מיר האבען לעצטענס געהאט איז די איצטיגע צייט פאר אונז זעהר א שווערע. אבער אונזער יוניאן איז אויף דער וואך. די גרעסטע צאל מיטגלידער באגרייפען און פארשטעהען, אז ניט די יוניאן איז פאראנטווארטליך פאר דער איצטיגער לאגע; אז קיין יוניאן איז ניט בכח צו קאנטראלירען דעם עקאנאמישען לעבען אונטער'ן קאפיטאליזם, ווי שטארק א יוניאן זאל ניט זיין. כאטש עס

# בילדונג און פארוויילונג טעטיגקייטען

## לעקציעס פון דער קלאוק אפעריי־טארס יוניאן היינטיגען מאנאט

### זונטאג, 6טען מארטש, 11 פרי

חיים גרינבערג וועט ריידען איבער דער טעמע: „איז פאראן א אידישע פראגע אין אמעריקע?" — אין די בראנקס, 1955 סאוטהערן בולעווארד, קארנער טרימאנט עוו. (7טער א. ד. פון דער א. ל. פ. טשערמאן ה. פריימאן.

דר. מאקס כידעקעל וועט ריידען איבער דער טעמע: „דער ארבייטער און זיין געזונט" — אין די בראנקס, אין 1765 דייווידסאן עוו., קארנער 176טע סטריט (א. ר. קולטור סענטער). טשערמאן מ. דייטש.

קלמן מרמר וועט ריידען איבער דער טעמע: „די ראלע פון נאציאנאליטעטען אין א קלאסענלאזער געזעל־שאפט" — אין בראנזוויל, 1729 פיטקין עוועניו (23טער א ד. פון א. ל. פ.). טשערמאן מ. סטוירלינג

דזש, בארוכאוויץ וועט ריידען איבער דער טעמע: „די איצטיגע סיטואציע אין דער קלאוק אינדוסטריע — אין איסט ניו יארק, 952 סוטער עוו., קאר. קליוולאנד סטריט (22טער א. ד. פון א. ל. פ.). טשערמאן — ס. זעלדין.

וומ. עדלין וועט ריידען איבער דער טעמע: „די סא־ציאליסטישע באוועגונג איבער דער וועלט" — אין בענסאנהורסט, 6416 בעי פארקוויי, קאר. 65טע סטריט (16טער א. ד. פון אל"פ). טשערמאן — א. בעלסאן.

### פרייטאג, 11טען מארטש, 8 אווענט

חיים גרינבערג וועט ריידען איבער דער טעמע: „די ראלע פון דעם אידען אין דער געזעלשאפט" — אין ברייטאן ביטש, 1113 ברייטאן ביטש עוועניו (קאר. 13טע סטריט (ארבעטער רינג סענטער). טשערמאן פ. קאטלער.

### זונטאג, 13טען מארטש, 11 פרי

דזשארדזש ווישניאק וועט ריידען איבער דער טעמע: „אווערלעפינג פון קלאוקס אין אנדערע אינדוסטריען", אין בראנקס, אין ספונער בילדינג, 963 סאוטהערן בולעווארד, קארנער 163טע סטריט (5טער א. ד.). טשערמאן מ. באנגא.

ל. סיגעל וועט ריידען איבער דער טעמע: „די איצטיגע לאגע אין פאלעסטינע" — אין איסט ניו יארק, 952 סוטער עוו., קארנער קליוולאנד סט. (22טער א. ד.). טשערמאן דזש. אייזלער.

לואיס ליווי וועט ריידען איבער דער טעמע: „ארגא־ניזאציאנעלע פראגען", אין בארא פארק, 1377 42טע סטריט, קארנער 14טע עוועניו (בארא פארק לייבאר לייסעאום. טשערמאן י. עטקין.

פ. נאוויק וועט ריידען איבער דער טעמע: „פאשיזם — אורזאכען און פאלגען" — אין בראנקס, אין 2514 ווהייט פליינס ראוד, קארנער מיס עוועניו (6טער א. ד.). טשערמאן ב. קרעמער.

### פרייטאג, 18טען מארטש, 8 אווענט

ש. פארבער וועט ריידען איבער דער טעמע: „קען אונטער קאפיטאליזם געשאפען ווערען עקאנאמישע זיכערקייט?" — אין קוני איילאנד, קאסא ד'אמאר, 2912 וועסט 31טע סט. טשערמאן י. מאסקאוויץ.

### זונטאג, 20טען מארטש, 11 פרי

א. גלאנץ וועט ריידען איבער דער טעמע: „איז מעג־ליך פאשיזם אין אמעריקע?" — אין בראנקס, אין 1955 סאוטהערן בולעווארד, קארנער טרימאנט עוו. (7טער א. ד.). טשערמאן ב. קאפלאן.

נ. פיינערמאן וועט ריידען איבער דער טעמע: „וועט סאציאליזם לייזען די אידישע פראגע?" — אין בראנזוויל, 1729 פיטקין עוועניו (23טער א. ד.). טשערמאן מ. ב. קאהן.

ב. געבינער וועט ריידען איבער דער טעמע: „פרא־בלעמען פון דער אמעריקאנער ארבייטערשאפט" — אין בעטה ביטש, 2075—86טע סטריט, קארנער 21טע עוועניו. טשערמאן ת. דעסעל.

### פרייטאג, 25טען מארטש, 8 אווענט

וויל הוירבערג וועט ריידען איבער דער טעמע: „פאלקס־פראנט אדער ארבעטער־פראנט?" — אין ברייטאן ביטש, 1113 ברייטאן ביטש עוועניו, קארנער 13טע סטריט (ארבעטער רינג סענטער). טשערמאן — נ. היינס.

### זונטאג, 27טען מארטש, 11 פרי

דזש. באסקין וועט ריידען איבער דער טעמע: „די פרא־טערנאלע באוועגונג און איהר שייכות צו דער טרייד־יוניאן באוועגונג" — אין בראנקס, ספונער בילדינג, 963 סאוטהערן בולעווארד, קארנער 163טע סטריט (5טער א. ד.). טשערמאן דזש. מילער.

דר. יעקב שאצקי וועט ריידען איבער דער טעמע: „די אידישע יוגענט אין אמעריקע" — אין איסט ניו יארק, 952 סוטער עוועניו, קארנער קליוולאנד עוו. (22טער א. ד.). טשערמאן מ. סטוירלינג.

ל פאגעלמאן וועט ריידען איבער דער טעמע: „ווי אזוי קאן מען באקעמפען דעם פאשיזם?" — אין בענ־סאנהורסט, 6416 בעי פארקוועי, קארנער 65טע סט. (16טער א. ד.). טשערמאן י. עטקין.

### זונטאג, 3טען אפריל, 11 פרי

דזש. העלער וועט ריידען איבער דער טעמע: „פרא־בלעמען פון דער קלאוק אינדוסטריע", אין בראנקס, 1955 סאוטהערן בולעווארד, קארנער טרימאנט עוו. (7טער א. ד.). טשערמאן ל. הורוויץ.

דר. ע. נאקס וועט ריידען איבער דער טעמע: „די אידען פראגע — ווי אזוי קאן מען די לייזען?" — אין בראנזוויל, 1729 פיטקין עוועניו (23טער א. ד.). טשערמאן ל. ראזאנאוויץ.

י. לעווין־שאצקעס וועט רעדען איבער דער טעמע: „ווי אזוי האט דער פאשיזם אזוי גרינג בייגעקומען די דעמאקראטיעס?" — אין בארא פארק, 1377 42טע סטריט, קארנער 14טע עוועניו (בארא פארק לייבאר לייסעאום). טשערמאן א. בעלסאן.

ב. לעוויטין וועט ריידען איבער דער טעמע: די פאלי־טיק פון די וויכטיגסטע לענדער פון דער וועלט" — אין קוני איילאנד, קאסא ד'אמאר, 2912 וועסט 31טע סטריט. טשערמאן טש. נעש.

---

די מיטגלידער פון לאקאל 117 ווערען געבעטען צו באזוכען די לעקציעס אין זייערע געגענדען. וויסען איז מאכט, און עס איז קיינמאל נים צו שפעט צו לערנען.

מ. פיינבערג איז דער טשערמאן, און י. סטענזאר דער סעקרעטער פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע פון לאקאל 117.

## אינטערנעשאנאל גיט $3,000 אין פרייזען פאר די בעסטע צוויי דראמעס אין קאנטעסט

ביי אן איינדרוקספולער צערעמאניע אין האטעל לינ־קאלן האט די אינטערנעשאנעל לידיס גארמענט וואיר־קערס יוניאן איבערגעגעבען די דריי טויזענד דאלער פרייזען צו די פארפאסער פון די צוויי בעסטע טעאטער שטיקער וואס זיינען אריינגעגעבען געווארען אין דעם קאנטעסט וואס די אינטערנעשאנעל האט דורכגעפירט.

דעם ערשטען פרייז פון צוויי טויזענד דאלער האט געוואונען פרענסיס עדווארדס פאראגאו פאר זיין דרא־מא „פון זון אויפגאנג ביז זון אונטערגאנג", א דראמא וועגען קינדער ארבייט אויף א טאבאק פלאנטאציע. דעם צווייטען פרייז פון טויזענד דאלער האט געוואונען מיס נעליס טשיילד פאר איר דראמא „אפטער די גלינערס" — א שילדערונג פון לעבען פון יונגע טרעמפס.

די פרייזען צו די געווינער האט איבערגעגעבען וויס־פרעזידענט דזשוליוס האכמאן, טשערמאן פון דער עדיר־קיישאנעל קאמיטע פון דער אינטערנעשאנעל, וועלכער איז אויך געווען דער טשערמאן פון דער קאמיטע וועל־כע האט אויסגעקליבען די בעסטע צוויי דראמעס פון די צענדליגע מאנוסקריפטען וואס זיינען אריינגעשיקט גע־ווארען פון די וואס האבען זיך באטייליגט. די אנדערע מיטגלידער פון דער קאמיטע זיינען געווען טשעסטער ב. באהן, פרענסיס באטווארטה, בארעט ה. קלארק, מאקס ד. דעניש, סידני האווארד, הארטינגטאן מיינער, מארק סטאר, ליע סטראסבערג און פעגי וואוד.

איבערגעבענדיג די פרייזען צו די געווינער, האט האכמאן ערקלערט, אז די אינטערנעשאנעל האט ארגאנ־זשירט דעם קאנטעסט מיט'ן צוועק צו פארשטארקען דעם אינטערעס אין דראמאס מיט א סאציאלען אינהאלט. דער קאנטעסט איז געווען זייער ערפאלגרייך אויף דעם גע־ביט. 346 טעאטער שטיקער זיינען אריינגעגעבען גע־ווארען און פארפאסער פון צוואנציג סטייטס האבען זיך באטייליגט אין קאנטעסט.

דער קאנטעסט האט זיך אנגעהויבען אין מאנאט אויגוסט 1936 און די באטייליגטע האבען געהאט צייט אריינצוגעבען זייערע מאנוסקריפטען ביז דעם ערשטען יולי, 1937.

---

# דזשאבערס קריגען א באפעהל אויפצוהערען קויפען אקסעסארים' פון ניט־יוניאן פירמע.

די דרעס דזשאינט באארד האט דעם 5טען פעב־רואר זיך באנוצט מיט דעם אקסעסארי־פונקט פון דעם קאלעקטיווען אגרימענט וואס זי האט מיט די דרעס־באא־לעבאטים, כדי צו באקומען אן ארדער פון דעם אומ־פארטיאישען טשערמאן, העררי יוווילער, אז די עדלען דרעס קא. זאל גלייך אויפהערען האנדלען מיט דער לא־פענא עמבראידערי קא., א ניט־יוניאן עמבראידערי מא־נופעקטשורער וואס באהאלט זיך אונטער דעם נאמען „סעסיל מאודס".

דער אקסעסארי־פונקט, וואס איז אריינגעשריבען געווארען אין דעם אגרימענט אין 1936 דערפאר וויל די דרעסמאכער דזשאינט באארד איז באשטאנען דערויף, פארפליכטעט דרעס־פירמעס צו האנדלען בלויז מיט אזעלכע מאנופעקטשורערס פון עמבראידערי, באטאנס און אנדערע דרעס־באפוצונגען, וואס שטעהען אין קאנ־טראקטליכע באציהונגען מיט דער יוניאן וואס האט די השגחה איבער אט די אינדוסטריען. אט דער פונקט פון אגרימענט האט זעהר פיל געהאלפען די ארגאניזי־רונג פון טויזענטער ארבעטער אין די ניו יארקער אקסע־סארי־טריידס.

די באווייזע אין אט דער קייס זיינען צוגעשטעלט געווארען פון דעם דעפארטמענט, וואס האט די אויפ־גאבע דורכצופיהרען דעם אקסעסארי־אגרימענט, וועלכער שטעהט אונטער דער אויפזיכט פון ברודער קאלאס.

די עדלען דרעס קא. האט פריהער באקומען א וואר־נונג פון דער דרעסמאכער דזשאינט באארד און פון דער נעשאנאל דרעס מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן, פון וועלכער זי איז א מיטגליד, צו אויפהערען קויפען ווארע פון דער לא־פענא קא. זי האט זיך אבער געמאכט ניט־וויסענדיג און האט ווייטער געקויפט פון דער דאזיגער פירמע דורך דער „סעסיל מאודס", א „דאמי"־פירמע וואס איז ספעציעל ארגאניזירט געווארען פאר אט דעם צוועק.

מר. פלאט, פון דער עדלען דרעס קא., האט גע־

# בריף וועגען יוניאָן פראגען

## אן ענטפער אויף א טענה

דר. ב. האפמאן, רעדאקטאר „גערעכטיגקייט“,
3 וועסט 16טע סטריט, ניו יארק.

ווערטער רעדאקטאר:

אין דעם פעברואר נומער „גערעכטיגקייט“ איז געדרוקט א בריוועל פון ברודער דזש. קאץ, אין באצוג צו מיין מאנאטליכען איבערבליק אין דער דעצעמבער אויסגאבע פון זעלבען זשורנאל, אין שייכות מיט א געוויסען צירקולאר וועלכען ער, קאץ, האט ארויסגעלאזט. אין זיין בריוועל זאגט ברודער קאץ:

„איך פאדער פון אייך, ברודער לאנגער, אלס יוניאן מיטגליד פון אונזער אינטערנעשאנעל, עפענטליך אויף די שפאלטען פון דער „גערעכטיגקייט“ גוט צו מאכען אייער טעות, אדער צוזושטעלען די פאקטען פון אייער באשולדיגונג געגען מיר“.

אין דעם דערמאנטען איבערבליק האב איך געזאגט:

„וועגען דעם ‚צירקולאר‘ גופא איז ניטא וואס צו זאגען. דערפאר בעט זיך אבער צו זאגען א פאר ווערטער וועגען דעם אונטערשרייבער פון דעם ‚צירקולאר‘, איינער מיט דעם נאמען דזש. קאץ, וועלכער באצייכענט זיך אלס א געוועזענער וויס־פרעזידענט פון אונזער אינטערנעשאנעל.

„ערשטענס, געדענקען גאר נישט די קלאוק מאכער צי עס איז אמאל געווען א וויס־פרעזידענט מיט אזא נאמען, ווייל אין גאנצען איז ער געווען א מעמבער פון דער גענעראל עקזעקוטיוו באארד פון ‚אסתר תענית ביז פורים‘. די 1914 קאנווענשאן האט אים דערווילט פאר צוויי יאר צייט, לויט אונזער קאנסטיטוציע. ווארום ער האט דעם בכבוד׳יגען אמט שנעל אויפגעגעבען, דאס ווייסט ער אליין אמבעסטען. אין דעם ‚צירקולאר‘ האט ער עס ניט דערקלערט.

„עס איז מערקווירדיג, אז ווען מען וויל זיך ארויסרוקען אין דער פראנט אין יעדער מיטעל עטיש; באנוצט מען זיך זאגאר מיט א טיטעל וואס מען האט זיך אפילו אין אים ניט אנגעווארעמט און וועלכען מען האט אליין פארשוועכט. דאס איז, מילד גערעדט, ניט שיין“.

איז וואס אנבעלאנגט דעם גאנצען בריוועל פון ברודער קאץ, האב איך ניט וואס צו זאגען. איך וויל בלויז באמערקען, אז אזוי ווי איך האב געזאגט אין מיין דערמאנטען איבערבליק, אז איך בין ניט אויסען זיך אנצונעמען עמיצענס קריוודע, האב איך דארום קיין אורזאכע צו פאלעמיזירען מיט ברודער קאץ בנוגע זיינע טענות צו דער אדמיניסטראציע פון לאקאל 117. איך וויל אים אויך פארזיכערען, אז די פראגע וואס איך האב אים געשטעלט איז ניט געווען ביזווילליג. אויב עמיצער האט געהאנדעלט ביזווילליג האט ער עס געטאן, מיט דעם וואס ער האט זיך אונטערגעשריבען אויף זיין צירקולאר אלס „געוועזענער וויס־פרעזידענט“ — א טיטעל וועלכען ער האט ניט אויפגעגעבען אויף דעם זעלבען אופן ווי ער האט אים באקומען. דאס מיינט, אז ווען ער איז ערווילט געווארען אלס וויס־פרעזידענט ביי דער קאנווענשאן אין 1914, האט ער בעדארפט פארבלייבען אין דעם אמט ביז דער קאנווענשאן פון 1916, און דארטען איבערגעבען זיין אמט אויף א געהעריגען אופן.

ברודער קאץ זאגט, אז ניט ער אליין איז ארויסגעטראטען פון דער גענעראל עקזעקוטיוו באארד, נאר אויך אנדערע וויס־פרעזידענטען האבען דאן רעזיגנירט, און ער דערמאנט אויך דעם פארשטארבענעם ברודער זיגמאן. מיר ווייסען אלע אז ברודער זיגמאן האט רעזיגנירט, אבער ער האט עס ניט געטאן צוליב קיין אנדערע אורזאכען ווי זיין שוואכען געזונט וואס ער האט זיך ערווארבען אין דער צייט ווען ער איז געזעסען אין דזשייל, אונטער אן אינדייטמענט פאר א בלבול פון ערשטען גראד מארד. וואלט זיגמאן געווען אנדערש פארלאזט זיין אמט, ווי ברודער קאץ פרובירט צו מאכען דעם איינדרוק, וואלט זיין נאמען ניט געווען אונטערגעשריבען אונטער דעם באריכט פון גענעראל עקזעקוטיוו באארד. נאך מער — ווען זיגמאן האט זיך באזעצט אין ווילימאנטיק, האבען מיר, א צאל פערזענליכע פריינד, אים ארויסגעהאלפען מיט געלד (וועלכע ער האט אונז צוריקגעצאלט) און נאכדעם ווי ער האט זיך ערהאלט זיינען ברודער ל. וויכטער און איך געפאדערן אים צוריקברענגען ער זאל ווערען דער מענעדזשער פון אונזער דזשאינט באארד.

ווען איך האב באמערקט אין מיין איבערבליק אז „ברודער קאץ ווייס אמבעסטען ווארום ער האט רעזיגנירט“, זעה איך ניט אין ווארום ער באטראכט עס אלס אן אינסינואציע. האב איך דען געפרעגט קאץ׳ן וואו ער איז געווען אדער וואס ער האט דאמאלס געטאן? עס איז מיין מיינונג, אז ווען איינער באנוצט זיך מיט א טיטעל, אן וועלכען ער האט זיך זאגאר ניט אנגעווארעמט, איז עס א גרויסע פארשוועכונג. יעדער איינער וואס פארלאזט אן אמט — א באצאלטען אדער ניט־באצאלטען — איז עס נאטירליך אז ער מוז זוכען פון וואנען א לעבען צו מאכען. ער דארף אום קיין פאל ניט באנוצען דעם טיטעל אלס א מיטעל צו היילינען א געוויסען צוועק.

מיט ברודער גרוס,

לואיס ע. לאנגער, רעקארדינג סעקרעטאר.

---

## טענות פון א דרעסמאכערין.

ווערטער רעדאקטאר:

איך בעט אייך זייער צו געבען פלאץ דעם בריוועל אין דער „גערעכטיגקייט“, וועגען דעם באריכט פון די סעקשאן מיטינגען. צו וואס דער גוואלד געשריי „וועלף, גייען?“ פארוואס, אין דעם באמת פראגרעסיווסטען לאקאל אזא גוואלדיגע מורא פאר קריטיק. ס׳איז דוכט זיך שכל׳דיג און געזעצליך, אז ווען די מיטגלידערשאפט דערווילט אירע פירער, און באפולמעכטיגט זיי צו גיין אין קאמף פאר אירע אינטערעסען, זאל זי נאכדעם קומען און קריטיקירען, שטעלען גרעסערע פאדערונגען פאר שטארקערע אקציעס אדער ענדערען די אנגענומענע פאליסיס, אויב די מיטגלידערשאפט דיינקט, אז עס ווערט אדער ניט גענוג געטאן, אדער ניט ריכטיג געטאן. און טאקע, ווייל מיר ווייסען, אז מיר האבען א שטארקע יוניאן, א פייהיגע פירערשאפט, קומען מיר צו די פארזאמלונגען און פאדערען. טא פון וואנען נעמט זיך דער געשריי די „פלישתים גייען!“

חבר זימערמאן זאגט, אז ספעציעל אין דער ארבייטסלאזער סיטואציע איז א ספעציפישע אנטי־יוניאן טענדענץ. עס זיינען אין אלע צייטען געווען מענשען, וואס האבען זיך באמיט צו כאפען פיש אין מוטנער וואסער. אבער וואלטען מיר געטאן מערער דאס וואסער ריין צו מאכען, וואלטען יענע מענשען זיך קיין פלאץ ביי אונז ניט געפונען. איך פארטרעט ניט קיין גרופע, איך בין א דרעסמאכער, איך טרעף זיך מיט ארבייטער, וואס זיינען שרעקליך פארביטערט א דאנק דער שלעכטער עקאנאמישער לאגע אין אונזער פאך — געוויינטליך, א דאנק דעם אלגעמיינעם שלעכטען מצב אין לאנד. און ווייל זיי גלויבען, אז מיר האבען א שטארקע יוניאן, פאדערען זיי, מיר זאלען פרואווען מערער צו לייזען די פראבלעמען.

טא פארוואס דער געשריי? הערט זיי אויס די פארביטערטע. גיט זיי די מעגליכקייט, וואס מערער צו ריידען ביי די פארזאמלונגען. גלויבט מיר, כאטש אונז איז שווער קלאר ארויסצוברייגען אונזערע פראבלעמען, איז גאנץ אפט פילען מיר מיט אונזער געוויינליכען נאטירליכען שכל, דאס וואס איר דארפט שפעטער דורך איבערטראכטען פרואווען אויסקעמפען מיט אונז צוזאמען.

עס איז געזאגט געווארען דורך זייער א חשוב׳ען באאמטען, אז אפילו גארדשאיען האט מען ניט געוואלט הערען. דאס איבערצייגט נאך אמאל, אז דער עולם איז גאר ניט אזא גולם ווי מען דיינקט. ווען מיר דערפילען, אז גארדשאי קעמפט ניט פאר אונזער מיינונג אדער העלפט אונז ניט קלאר מאכען דאס וואס אונז איז שווער. ווילען מיר אים ניט הערען.

איך בין געווען דערשטוינט, ווען א וויכטיקער באאמטער, האט ביי דער עקזעקוטיווע געזאגט, אז מען דארף דורך פארלאמענטארישע וועגען באשרענקען די מאסען פון רעדען. און ניט זימערמאן, ניט אונזער פראגרעסיווע עקזעקוטיווע האט געפרואווט רעאגירען. (איך דערמאן ניט זיין נאמען נישט צו מאכען בייז בלוט).

פאר וואס קעמפען מיר נישט געגען דיסקרימינאציע פון אידישע ארבייטער, דווקא מצד די אידישע בעלי־בתים? אונזערע בעלי־בתים זיינען אידישע כלל־טוהער, נאציאנאלע אידען. אבער אידישע ארבייטער האבען זיי פיינט. און פון דער צרה נעמט זיך צום גרעסטען טייל אונזער ארבייטסלאזיגקייט.

צום לעצט דאס סאמע וויכטיגסטע, נאך אין א יאר ארום ענדיגט זיך אונזער אגרימענט. די בעלי־בתים גרייטען זיך פאר א קאמף, מיר מוזען זיך אויך גרייטען מיט אונזערע פאדערונגען, מיר מוזען אין קומענדען אגרימענט א חוץ אלע אנדערע פאדערונגען שטעלען א פאדערונג פאר יערלאכען געהאלט פונקט ווי די בעלי־בתים רעכענען זייער אויסגאבע און איינקונפט ניט אויפ׳ן סיזאן נאר פאר דעם גאנצען יאר. אזוי מוז דאס אויך באטראכט ווערען פאר דעם ארבייטער א יערליך געהאלט, אויך מיר צאלען דירה געלט א גאנץ יאר. אויך מיר מוזען עסען א גאנץ יאר.

מיר מוזען באקעמפען די הפקר באציהונגען, אז אונז דארף מען בלויז אין סעזאן. אין סלעק זיינען מיר איבעריגע, אזא רייכע אינדוסטריע מוז געשטעלט ווערען פאר א פאקט, אז זיי מוזען זיין פאראנטווארטליך צו די ארבייטער דורך דעם יאר ניט אין סעזאן. ביז מיר וועלען דעם פונקט ניט אויסקעמפען ווי שווער עס זאל ניט זיין, וועלען מיר ניט זיין אויף קיין פעסטען פונדאמענט.

לאקאל 22 לעד. 39916.

חייקע פאדושייר.

---

## טענות פון אן ארבייטסלאזען דרעספרעסער.

עס איז ערשט בלויז פיר וואכען ווי איך בין ענטזאגט געווארען פון מיין דזשאב, וואו כ׳האב געארבייט אלס פרעסער, און אזוי קיין גאלדענע גליקען האב איך דארטען ניט געמאכט, בין איך ווידער געצוואונגען צו זוכען א דזשאב.

און ווי געפינט מען היינט א דזשאב? בלויז דורך דער יוניאן, האבענדיג א באגריף, וואס עס טוט זיך אצינד אין טרייד און איבערהויפט אין דער יוניאן, האב איך זיך ניט געהיילט און אפגעווארט א ביסעל צייט. ערשט דאן בין איך אוועק אין דער יוניאן א קוק טאן מכוח א דזשאב.

ארויף קומענדיג אין דער יוניאן און א קוק געבענדיג, וואס עס טוט זיך, ווי די ארבייטסלאזע שטייען ביים פענצטעריל און ווארטען, אז מ׳זאל עמיצען שיקען אויף א דזשאב, איז מיר אזש קאלט געווארען. איך האב געפילט ווי דער דיל ברעכט זיך אונטער מיינע פיס און איך פאל אריין.

דער אמת געזאגט, האב איך באלד געוואלט אוועקגיין. האט זיך אונטערגערוקט מיינער א באקאנטער און האט מיט מיר פארפירט א געשפרעך.

— וואס טוסטו דא? פרעגט מיך מיין באקאנטער. דו האסט דאך געארבייט. נו איז וואס? זאג איך, טאר איך אצינד ניט זיין ארבייטסלאז? מיין באקאנטער קען זיך גאר אזא זאך ניט פארשטעלען ווי איך זאל זיין ארבייטסלאז, ווייל ער ווייסט, אז איך האב געארבייט אין א שאפ, וואו עס איז אלע מאל פאראן ארבייט, און אצינד, זעט ער מיר אין דער יוניאן ארויסקוקענדיג אויף א דזשאב.

איך זעה, ווי מיין באקאנטער וואונדערט זיך אזוי, וואס איך בין ארבייטסלאז, פרעג איך אים: בין איך דען דער איינציגער?

הלוואי וואלסטו געוועזען דער איינציגער, וואלט מען דאך דא ניט געדארפט זיצען חדשים און ווארטען אויף א דזשאב און ערשט ניט קריגען.

דאס ארויסגעבען פון דזשאבס וואלט נאך מיין מיינונג געדארפט געענדערט ווערען אזוי, אז יעדער איינער ארבייטסלאזער זאל האבען די מעגליכקייט צו ארבייטען אמווייניגסטענס צוויי טעג אין וואך, אז דער ארבייטסלאזער זאל האבען פון וואס די נשמה צו דערהאלטען און זיך ניט דארפען אויסגיין פון הונגער.

אונזער יוניאן האט די מעגליכקייט און מיט דער קאאפעראציע פון די ארבייטער קען זי דאס גרינג דורכפירען, די יוניאן פון וועלכע אלע זיינען די וועלכע מיטגלידער אן אונטערשייד צו זיי ארבייטען יא אדער ניט, זיינען אלע בארעכטיגט צו האבען די מעגליכקייט צו קריגען דזשאבס אום צו מאכען א לעבען פאר זיך און זייערע פאמיליעס, און די יוניאן פירער מוזען דאס אן א ספק דורכפירען.

ש. שקאלניק.

## אנערקענונגס רעזאלוציע.

מיר, די ארבייטער פון „גרייסטאון דרעס שאפ", 245 וועסט 27-טע סטריט, דריקען אויס אונזער אנערקענונג און דאנק צו אונזער שאפ טשערמאן, ברודער הערי אלט־מאן, פאר זיין גוטער ארבייט אלס טשערמאן, פאר וועלכער ער גיט אפ זיין גאנצע ענערגי. און ער איז אויך דער בילדינג טשערמין. עס איז איינפאך צו באוואונדערען זיין ענערגי און אפפערווילינקייט פאר דער יוניאן. ער האלט שוין אן דעם טשערמאן אמט צוויי יאר.

נעמענדיג דאס אלעס אין אנבאטראכט, האבען מיר אים ווידער ערווילט אלס שאפ טשערמאן און פרעזענ־טירען אים מיט א גאלדענעם רינג און ווינשען אים פיל כוחות פארטצוזעצען די גוטע ארבייט פאר אונז אלעמען און פיר דער יוניאן אלס גאנצער.

די קאמיטע: ז. ראקאף און נ. שאפירא, לאקאל 22; י. זימני, לאקאל 60.

---

די ארבייטער פון גאליט און וויינטרויב'ס שאפ, 270 וועסט 38טע סטריט, ביי א מיטינג אונטער'ן פאר־זיץ פון זייער ביזנעס אגענט ברודער פריד, האבען באַ־שלאסען צו באדאנקען זייער שאפ טשערמאן ברודער אייב מאלין און געבען אים א שיינעם פרעזענט פאר זיין געטרייער און אונערמידליכער ארבייט לטובת די ארבייטער פון שאפ. די ארבייטער האפען, אז אויך אין דער צוקונפט וועט ער שטיין אין דינסט פון די ארבייטער אינטערעסען.

די קאמיטע: מ. מאסקאוויץ און יעקב זיסער־מאן, לאקאל 117; סעם דיינען און סעם וויינ־שטיין, לאקאל 9; מ. ווילק און ה. פיין, לאקאל 35, און ה. ראזענבלום, לאקאל 10.

---

מיר, די ארבייטער פון גאלדשטיין און גאלד, 266 וועסט 37טע סטריט, ביי א שאפ מיטינג אפגעהאלטען אין דזשאינט באארד בילדינג, 131 וועסט 33טע סטריט, דינסאג, דעם 9טען נאוועמבער, באשליסען איינשטימיג אויסצודריקען אונזער טיפסטע אכטונג און אנערקענונג צו אונזער שאפ טשערמאן דזשאו נאכבי, פון לאקאל 35, פאר זיין וויכטיגער ארבייט אין באשיצען אונזערע אינ־טערעסען. אלס אויסדרוק פון אונזער אנערקענונג פרע־זענטירען מיר אים מיט א ווערטפולען פרעזענט — א גאלדענעם רינג.

אויך דריקען מיר אויס ביי דער געלעגענהייט אונ־זער אנערקענונג צו אונזערע ביזנעס אגענטען, ברודער ריין און ברודער י. גאלד, און צו אונזער דיסטריקט מענעדזשער ברודער מ. פיינבערג פאר זייער פעהיגער און ענערגישער ארבייט.

די קאמיטע: א. פרידמאן, דזשייקאב שאר, פרענק סטיינבערג, דזשייקאב מאורער, לאקאל 117, און סעם לעפין, לאקאל 9.

---

מיר, די ארבייטער פון קארמעל בראדערס, פאר־זאמעלט ביי א שאפ מיטינג אין אפיס פונ'ם דזשאינט באארד, מיטוואך, דעם 27טען אקטאבער, באשליסען איינשטימיג אויסצודריקען אונזער אנערקענונג צו אונ־זער טשערמאן, ברודער נייטען פוריץ, און אונזער שאפ קאמיטע פאר זייער ארבייט אין שאפ.

אלס אנערקענונג פרעזענטירען מיר ברודער פוריץ מיט א ווערטפולען פרעזענט. ביי דער געלעגענהייט דריקען מיר אויך אויס אונזער אנערקענונג צו אונזער ביזנעס אידזשענט, ברודער מאקס גאלדשטיין, וועלכער איז אלע מאל גרייט אונז צו העלפען, סיי אין ראט, סיי אין טאט.

אין דער זעלבער צייט ווילען מיר אויסדריקען אונ־זער טיפען מיטגעפיל אויף דעם פארלוסט פון ברודער פוריצ'ס מוטער, וועלכע איז לעצטע וואך געשטארבען. מיר ווינשען, אז ער זאל געפינען זיין טרייסט אין אונ־זערע רייהען.

די קאמיטע: משה סטילמאן און פיליפ טרופ, לאקאל 117; סעם בערמאן, נייטען לערער און אייב גלאסמאן, לאקאל 9; דייוו בלור־מענטאל און לייבאוויטש, לאקאל 35.

---

## דאנק און אנערקענונג רעזאלוציע.

מיר, די פינישערס פון צוקערמאן און קראוז'ס שאפ, 512 זיבעטע עוועניו, פארזאמעלט ביי א מיטינג אין אונ־זער לאקאל נומער 9, אונטער'ן פארזיץ פון אונזער מענע־דזשער ברודער סארקין, דריקען אויס אונזער אנערקע־נונג און דאנקבארקייט צו דער קאמיטע היימי ניומאן, דזשעק ראזענבערג און לואיס בראנשטיין פאר זייער

---

געטרייער און איבערגעגעבענער ארבייט פאר די פינ־שערס פון שאפ. גלייכצייטיג פרעזענטירען מיר זיי מיט ווערטפולע מתנות.

אלס אויסדרוק פון ברודערליכער אנערקענונג ווילען מיר ביי דער געלעגענהייט אויך אויסדריקען אונזער אנערקענונג צום טשערמאן, ברודער מייקעלסאן, פאר זיין ארבייטען געמיינשאפטליך מיט אונזער קאמיטע פאר'ן וואויל און בעסטען אין שאפ.

פרעס קאמיטע: פיליפ באריש, מאקס בעריש, דזשיי. גרינבוש.

---

מיר, די ארבייטער פון ה. ענד ל. דרעס, 1983 דזשעראם עוועניו, בראנקס, פרעזענטירען מיט שיינע מתנות אונזער טשערלידי עליזאבעט באגין און די קא־מיטע, שוועסטער סידי לעווין, פאר דער גוטער ארבייט וואס זיי טוען פאר די ארבייטער פון שאפ. מיר דאנ־קען אויך שוועסטער ראזי מילער פאר סעטלען פרייזען פאר אונז. מיר האפען און דערווארטען, אז אלע דריי אויבענדערמאנטע שוועסטער וועלען אין דער צוקונפט אנפירען מיט זייער פאראנטווארטליכער ארבייט אזוי ווי זיי האבען עס געטאן ביז איצט.

מיט יוניאן גרוס, די ארבייטער פון שאפ.

---

מיר, די ארבייטער, פון „דווארעצקי און גיטוערס", 512 7-טע עוועניו, באדאנקען אונזער ארויסגייענדען שאפ טשערמאן, ברודער לעווינסאן, פאר דער גוטער ארבייט, וואס ער האט געטאן פאר אונזער שאפ. מיר באדאנקען אויך אונזער ביזנעס אגענט, ברודער מאקס גאלדשטיין, פאר זיין ארבייט אין די אינטערעסען פון אונזער שאפ.

רעזאלוציאנס קאמיטע: זייס און זיגמאן פון לאקאל 117; לעווין און ראקאף פון לאקאל 9; סעם פאלעי, טשערמאן.

---

די ארבייטער פון דער „דזשארדזש העס דרעס קאמפאני" האבען אנגענומען פאלגענדע רעזאלוציע:

מיר דאנקען אויפריכטיג אונזער ביזנעס אגענט, ברודער סאלוואטארע נאטא, פאר זיין סימפאטישער און דורכגעטראכטער הילף, וואס ער האט אונז געגעבען ביים אויסגלייכען די שוועריגקייטען, וואס מיר האבען באגעגענט אין שאפ. מיר דריקען אויך אויס אונזער דאנק צו ברודער לעאן גאלאצא, דעם ביזנעס אגענט, פאר די קאנטראקטינג שעפער פון אונזער פירמע פאר העלפען אויסגלייכען די שוועריגקייטען.

די קאמיטעס:

פאר דעם אינסייד שאפ:
טשארלס סיראקוזא, יודזשין ספאדאפארע, הערי סלאווין און עמאנויועלא קאפאבעלא.

פאר קעסעלס שאפ:
איידא רובי און קוויני מאליקא.

פאר די פאראמאונט שעפער:
דזשאזעפינא ליקאטא.

פאר די פאפיולאר מעיד:
סאנטינא גארניערי, אנדזשעלינא קואגליא און קעיט פארעטא.

---

## אנערקענונג פאר'ן שאפ טשערמאן.

מיר די ארבייטער, פון מייק לעווינ'ס דרעס שאפ. פערזאמעלט ביי א שאפ מיטינג, דריקען אויס אונזער צופרידענהייט מיט אונזער שאפ טשערמאן סאל. שווארץ, פאר די גוטע און אונערמידליכע ארבייט, וואס ער האט געטאן פארן שאפ, און מיר פרעזענטירען אים מיט א שיינע ווריסט וואטש, אלס אויסדריק פון אונ־זער אכטונג צו אים.

מיר ווינשען אים ער זאל דאס טראגען געזונטער־הייט, און ווייטער אנגיין מיט דער גוטער ארבייט פאר די ארבייטער ווי ער האט דאס ביז איצט געטאן.

מיר דריקען אויך אויס א הארציגען דאנק דער פריין קאמיטע, וואס האט אים אזוי געטריי מיטגעהאל־פען אין דער שווערער פעראנטווארטליכער ארבייט, צו ברייגנען דעם שאפ צו דער שטופע ווי עס איז היינט צו טאג.

מיר דאנקען אויך אונזער ביזנעס אידזשענט, ראז מירסקי, פאר איר אקטיווע מיט־הילף דורך די גאנצע צייט.

מיט אכטונג די קאמיטע:
משה ווייסמאן, בעני טייערסמיט, הערי קראוז.

---

## סקווירט מאכער דאנקען בעאמטע און שאפ טשערמאן.

מיר, די ארבייטער פון „דרילינג בראדערס שאפ", 330 וועסט 38טע סטריט, דריקען אויס אונזער אויפריכ־טיגען דאנק און אנערקענונג צו אונזער לאקאל מענע־דזשערר, ברודער לואיס ריעס און אונזער ביזנעס אגענט בר. גאלד פאר זייער אונערמידליכער ארבייט און אויס־געצייכענטע דערגרייכונגען פאר די ארבייטער פון אונזער שאפ.

ביי דער געלעגענהייט דריקען מיר אויך אויס אונזער דאנק און אנערקענונג צו אונזער שאפ טשערמאן, ברו־דער סאל לעווין, פאר זיין גוטער ארבייט און אויפריכטי־גער איבערגעבענהייט ביים פארטיידיגען די אינטערעסען פון די ארבייטער פון אונזער שאפ.

די קאמיטע:
סאל. קלעץ און איזי טענענבאום, לאקאל 23; דזשעק סילווערשטיין, לאקאל 117; ד. לער־מאן, לאק. 35; מיגני לא גויליאוס און מי־ליע ראנדע, פון לאקאל 48.

---

## פרעזענטירען שאפ־טשערמאן.

מיר, די ארבייטער פון „קנאבי קלאוק קא.", 252 וו. 37טע סטריט, דריקען אויס אונזער טיפסטע אכ־טונג און אנערקענונג צו אונזער טשערמאן, נחום פא־טשעווסקי, פאר זיין גוטער ארבייט אין באשיצען אונזע־רע אינטערעסען אין שאפ, און פרעזענטירען אים מיט א ווערטפולען פרעזענט — א גאלדענעם האנט זייגער.

אויך דריקען מיר אויס אנערקענונג צו אונזער גע־וועזענעם דיסטריקט מענעדזשער בעג. קאפלאן, צו אונ־זער איצטיגען ביזנעס אגענט ברודער מ. יאגאדניק און צו אונזער איצטיגען דיסטריקט מענעדזשער, סלוצקי, פאר זייער ענערגישער טעטיגקייט פאר די ארבייטער.

די קאמיטע:
טשארלעס געסמאן און דזשיי סלוצקי, לאק. 117; היימאן זאוואדניק, לאק. 9; מאקס גלאזמאן, לאקאל 35.

---

## דאנק רעזאלוציע.

מיר, די פינישערס פון „אינדיקטאר און קאפסקי", 214 וועסט 39טע סטריט, דריקען אויס אונזער דאנק און אנערקענונג צו ברודער פרעד קופער, פאר זיין פאר־דינסטפולער ארבייט פאר די פארבעסערונגען פון אונ־זערע לעבענס־באדינגונגען, און מיר פרעזענטירען אים מיט א ווערטפולער ווריסט וואטש. מיר האפען אז אויך אין דער צוקונפט וועט ער אויסאיבען זיין איינפלוס און זיין אונערמידליכע ארבייט פונקט ווי ביז איצט, פאר דעם וואוילזיין פון די פינישערס אין אונזער שאפ.

די קאמיטע:
בערנארד ווינד, סעם גלאזער, דזשוליוס ראזענבלום.

---

## סעמיועל גרעקין

די לינדזשערי ארבייטער יוניאן לאקאל 62, האט פארלארען איינעם פון אירע ערשטע בויער, א פיאניער, וועלכער האט געהאלפען בויען די יוניאן און איז מיט איר געשטאנען נאהענט פון א פערטעל יאר־הונדערט — ברודער סעמיועל גרעקין.

ברודער גרעקין איז געשטארבען דאנערשטאג, דעם 20-טען יאנואר. ער איז געווען איינער פון די וואס האבען געבויט די וייט־גודס מאכער יוניאן. ער איז געווען אקטיוו אין דעם ערשטען גענעראל סטרייק אין 1913, און איז יארען לאנג געווען א מיטגליד פון דער עקזעקוטיוו באארד און א באאמטער פון לאקאל.

א גרויסע צאל מיטגלידער פון לאקאל, אלע באַ־אמטע און פילע טשערלעידיס פון די שעפער האבען זיך באטייליגט אין דער לויה, וואס איז פארגעקומען זונטאג, דעם 23-טען יאנואר.

עהרע זיין אנדענקען.

---

## טרויער רעזאלוציע.

מיר, די ארבייטער פון קאמינגס און טשערנאף שאפ, 500 זיבעטע עוועניו, זיינען דערשיטערט פונ'ם אומגליק וואס האט געטראפען אונזער ברודער הערי קאווענסקי דורך דעם פלוצלינגען טויט פון זיין יונגער באליבטער טאכטער סילוויא אש. מיר שיקען אונזער הארציגען מיטגעפיל און סימפאטיע צו אים און זיין פאמיליע.

ל. געלפאר, שאפ טשערמאן.

# רעזאלוציעס און באגריסונגען

מיר, די ארבייטער פון דער „סטאר מעיד דרעס", פון 498 זיבעטע עוועניו און „לואיס קאליש", פון 347 וועסט 36טע סטריט, ניו יארק, ווילען אויסדריקען אונזער אויסערגעווינליכע צופרידענהייט מיט די רעזולטאטען פון אונזער עלף-וואכיגען סטרייק געגען דער אויבענדערמאנטער פירמע. דער סטרייק, וועלכער איז ארויסגערופען געווארען צוליב דער פירמעס אנהאלטען אן אפען שאפ אין לאנג ברענטש, ניו דזשוירזי, איז ענדליך געסעטעלט געווארען נאך א קאמף צו יוניאניזירען דעם שאפ, וואס האט אנגעהאלטען 27 יאהר, וועלכעס איז ענדליך דערגרייכט געווארען.

מיר ווילען דעריבער אויסדריקען אונזער אויפריכטיגען דאנק צו אונזערע פירער, וועלכע האבען זיך באטייליגט און דערפירט דעם סטרייק צו א זיגרייכען שלום.

מיר זיינען ספעציעל דאנקבאר ברודער הערי וואנדער און ברודער מאקס מאסקאוויץ, וועלכע האבען אוועקגעגעבען זייער צייט און ענערגיע אין משך פון פילע וואכען. מיר דאנקען זיי אויך פאר דעם אגרימענט, וואס זיי האבען אויסגעארבייט, וועלכער האט מעגליך געמאכט פאר ביידע צדדים צו פארהאנדלען און זיך איינינגען. מיר באדאנקען אויך ברודער מעקס בליוסטיין, מענעדזשער פון ארגאניזיישאן דעפארטמענט; ברודער יושיליעווסקי, אונזער ביזנעס אגענט; שוועסטער מארגארעט די מאדזשיא און ברודער טשארלס טישלער פון ארגאניזיישאן דעפארטמענט, וועלכע האבען געגעבען זייער פולע און הארציגע קאאפעראציע צו די סטרייקער.

מיר אלע ווינשען לאנגגען און כסדר'דיגען ערפאלג צו די, וועלכע האבען אונז געהאלפען דערגרייכען אונזער זיג.

סעם הארוויץ,<br>
טשערמאן פון דער סטאר מעיד דרעס<br>
סעם שניידער, מאריס אקסעלראד און<br>
עלייעס זימערמאן, דרעס קאמיטע.

---

מיר, די ארבייטער פון „מיס סטייל שאפ", דריקען אויס אונזער אנערקענונג און דאנק צו אונזער שאפ-טשערמאן, ברודער מאריס דענענמארק, פאר זיין אומערמידליכער ארבייט, און צו די ביזנעס אגענטען,

ברודער פיינבערג, פון לאקאל 117 און ברודער רייען, פון לאקאל 9, פאר דער הילף, וואס זיי האבען געלייסטעט אונזער שאפ.

מיר דריקען אויך אויס א הארציגען דאנק אונזער איצטיגען ביזנעס-אגענט, ברודער גאלדשטיין.

די קאמיטע:<br>
דזשא גאלדשטיין און דזשעק<br>
ראכעלסמאן, לאקאל 117<br>
טאני דאנקעוויץ, לאקאל 35<br>
פיל דזשייקאבס און ה. קאהן<br>
פון לאקאל 9.

---

מיר, די ארבייטער פון די „נארמאנדי פראקס קא.", פארזאמעלט ביי א שאפ צוזאמענקונפט, האבען אויסגעדריקט אנערקענונג צו אונזער שאפ טשערמאן סטענלי סילווערבערג, דורך געבען אים א ווערטפולע מתנה. זאל ער עס פארנוצען געזונטערהייט. מיר ווילען האפען, אז אויך אין דער צוקונפט, פונקט ווי אין דער פארגאנגענהייט, וועט ער אפהיטען אונזערע שאפ אינטערעסען.

די קאמיטע: הערי גראסמאן און מעקס ראט, לאקאל 22.

---

מיר, די ארבייטער פון דעם קלאוק-שאפ ווילי מאזעס, 252 וועסט 37טע סטריט, באדאנקען אונזער שאפ טשערמאן ברודער פיליפ סילווערמאן פאר זיין איבערגעגעבענער און געטרייער ארבייט פאר די ארבייטער פון אונזער שאפ. מיר אנערקענען זיין גוטע ארבייט דורך פרעזענטירען אים מיט א ווערטפולען פרעזענט און מיר ווינשען אים דאס צו נוצען געזונטערהייט.

גלייכצייטיג דריקען מיר אויס אונזער דאנק און צוטרויען צו אונזער ביזנעס אגענט ברודער בארני דזשייקאבס פון לאקאל 35 און צו די אסיסטענט מענעדזשערס ברודער ברעטשניידער פון לאקאל 9 און צו ברודער גארדאן פון לאקאל 10, און צו אונזער מענעדזשער ברודער מאריס פיינבערג. זייער הילף און קאאפעראציע פאר אונזער שאפ האט מעגליך געמאכט אז מיר זאלען קענען מאכען א לעבען פאר אונזערע פאמיליעס. מיר אנערקענען זייער גוטע ארבייט און מיר פרעזענטירען די אלע אויבענדערמאנטע אפיסערס מיט ווערטפולע פרעזענטען. מיר האפען און ווינשען, אז אונזערע פארטרעטער פון דער יוניאן וועלען אויך ווייטער פארזעצען זייער גוטע ארבייט פאר אונזער שאפ בפרט און פאר אלע קלאוקמאכער בכלל.

מיט ברודערליכען גרוס, די קאמיטע:<br>
דזשאו איצקאוויטץ און הערי סוירלין, לאקאל 117; קאופמאן און מארריי, לאקאל 35; גרייס סאפענציא, לאקאל 48; י. גאלדשטיין, לאקאל 9; דזשעק מאזעס, לאקאל 10.

---

מיר, די ארבייטער פון אורווינג פרעדריקס שאפ 512—7טע עוועניו, באשליסען איינשטימיג צו באדאנקען אונזער ביזנעס-אגענט, ברודער מעקס גאלדשטיין, פון לאקאל 35, פאר זיין גוטע און איבערגעגעבענע ארבייט פאר אונזער שאפ און פאר דער גאנצער יוניאן. מיט ברודער מעקס גאלדשטיינ'ס טאקטישער און פעהיגער ארבייט האט ער אלע מאל אויסגעגליכען פארשידענע צוויסטיגקייטען מיט אונזער בעל-הבית און זיי געשליכטעט אויפ'ן בעסטען און צופרידענשטעלענדסטען אופן פאר אלע ארבייטער אין שאפ.

מיר באדאנקען איהם און מיר ווינשען איהם מיט זיין פאמיליע געזונט און ווייטער פארצוזעצען זיין וויכטיגע ארבייט פאר די אינטערעסען פון אלע ארבייטער בכלל און פאר אונזער שאפ בפרט. גלייכצייטיג פרעזענטירען מיר איהם מיט א ווערטפולען פרעזענט און מיר ווינשען איהם ער זאל עס נוצען געזונטערהייט.

מיר באדאנקען אויך אונזער דיסטריקט מענעדזשער, ברודער מ. פיינבערג, און אונזער שאפ-טשערמאן, -ברודער פיליפ לעווין, פאר העלפען אנהאלטען יוניאן באדינגונגען און ברידערליכע באציהונגען צווישען אלע ארבייטער, וואס ארבייטען פאר דער פירמע.

די קאמיטע:<br>
פיליפ לעוואן, טשערמאן לאקאל 35<br>
נייטען הערשבאין, לאקאל 117<br>
שמעון שווארץ " "<br>
לואי שניידערמאן, " "

---

מיר, די ארבייטער פון קלינגער בראדערס שאפ, 111 וועסט 27טע סטריט, דריקען אויס אנערקענונג צו אונזער טשערמאן, מאריס שאץ, פאר זיין איבערגעבענהייט צו די אינטערעסען פון אלע ארבייטער, און מיר האבען איהם פרעזענטירט מיט א גאלדענער „וריסט וואטש".

גלייכצייטיג דריקען מיר אויס אונזער דאנקבארשאפט און אנערקענונג צו אונזער ביזנעס אגענט, ברודער פריעד און צום דיסטריקט מענעדזשער, ברודער קאפלאן און צום ברודער אראנסקי און ברודער הערי פישער, ווי אויך אונזער געוועזענעם טשערמאן, ברודער רובין קראסנער, פאר מיטהעלפען אונזער טשערמאן צו ארבייטען פאר'ן וואויל און בעסטען פון אונזער שאפ.

סעם בלוש, טשערמאן פון דער קאמיטע,<br>
סעם אשפיז, לאקאל 117<br>
הערי ווייסבערג, " "<br>
באראנסקא " "<br>
פאל פעלדמאן, לאקאל 35<br>
רייא בערמאן, לאקאל 9.

---

די ארבייטער פון גאמבערג און קאפלאן שאפ, 127 וועסט 25טע סטריט, דריקען אויס זייער אנערקענונג און דאנקבארקייט צום אסיסטענט מענעדזשער, ברודער בעלסאן, פאר זיין גוטער ארבייט, דורך וועלכער די לאגע אין אונזער שאפ האט זיך פיל פארבעסערט. אלס אויסדרוק פון אונזער אנערקענונג פרעזענטירען מיר איהם מיט א ווערטפולער מתנה און ווינשען איהם ער זאל עס פארנוצען געזונטערהייט און פארטזעצען זיין גוטע ארבייט.

די קאמיטע:<br>
מאקס דרויאנאף, טשערמאן<br>
א. מארקאוויץ און לעוויט פון לאקאל 117<br>
סערע פאזנער, לאקאל 9<br>
מאריס ציבילסקי, לאקאל 33.

---

מיר, די ארבייטער פון גראסמאן און שפיגעל, באדאנקען אונזער שאפ-טשערמאן, ברודער דזשייקאבס, פאר זיין געטרייער איבערגעגעבענער ארבייט פאר די ארבייטער פון אונזער שאפ פאר וועלכער ער איז מקריב זיין צייט און מיה, ארייננקומענדיג יעדען טאג אין סלעק-צייט אין שאפ און זעהן, אז די ארבייט זאל ריכטיג געטיילט ווערען און די ארבייטער, וועלכע פארפעלען אמאל ארייננקומען אין שאפ זאלען ניט געקריוודעט ווערען. מיר פרעזענטירען איהם מיט א גוטען האמילטאן ריסט וואטש און האפען, אז ער וועט אויך ווייטער פארטזעצען זיין גוטע ארבייט. מיר, פון אונזער זייט, פארפליכטען זיך איהם צו העלפען מיט אלץ וואס עס וועט נויטיג זיין.

ביי דער געלעגענהייט באדאנקען מיר אויך אונזערע געוועזענע ביזנעס אגענטען, די ברידער גארדאן און ברויטשניידער און אונזער איצטיגען ביזנעס-אגענט ברודער קאפלאן, פאר זייער גוטער ארבייט פאר אונזער שאפ.

די קאמיטע:<br>
גלוק און מירעלס, פון לאקאל 117<br>
באקאנאווסקי, גאלדבערג און אגנא לאק. 9<br>
קאדיש און קאפלאן, לאקאל 35<br>
לייבאוויטש, לאקאל 10<br>
דזשימי און פעני, לאק. 48.

---

## דאנקען דעם שאפ טשערמאן.

מיר, די ארבייטער פון מ. קענאוויץ, 1837 דאגלעס סט., בראנזוויל, דריקען אויס אונזער דאנק און צוטרויען צו אונזער שאפ טשערמאן, ברודער ב. בערקאוויץ, פאר זיין איבערגעבענע ארבייט פאר אלע ארבייטער פון אונזער שאפ. אלס אנערקענונג פאר זיין גוטע ארבייט פרעזענטירען מיר אים מיט א מתנה און מיר ווינשען אים ער זאל דאס פארנוצען געזונטערהייט.

מיר דריקען אויך אויס אונזער דאנק און צוטרויען צו די בעאמטע פון בראנזווילער אפיס, אונזער מענעדזשער ברודער י. עטקין און ביזנעס אגענט ברודער מיכל גיטזעלבערג פאר זייער גוטע ארבייט.

שאפ קאמיטע:<br>
ס. פינקעלשטיין, מאקס גאלדבערג, הערי סקאטעלסקי.

---

טענה'ט, דאס זיין פירמע האט נעבאך גאר ניט געוואוסט, אז די „סעסיל מאודס" און „לא פענא" זיינען איינע און די זעלבע פירמע. מר. דזשייקאב ראזענבערג, וועלכער האט פארגעלעגט דעם צד פון דער יוניאן, האט אבער אנגעוויזען, אז עס איז זעהר שווער צו גלויבען אז מר. פראט האט טאקע ניט געוואוסט, אז די צוויי געשעפטען זיינען בלויז צוויי נעמען פאר איין און דער זעלבער פירמע, וואדים סיי די „סעסיל מאודס" און סיי די „לא פענא" פארנעמען דעם זעלבען לאפט און האבען דעם זעלבען טעלעפאן-נומער אפילו.

דער אומפארטייאישער טשערמאן, מר. יוועליר, האט ארויסגעגעבען אן אורטייל געגען דער עדלען דרעס קא. דערביי האט ער איהר געווארענט, אז ער וועט האנדלען מיט איהר שטרענג, אויב זי וועט גלייך ניט אויספאלגען דעם אורטייל. ער האט דערקלערט, אז די פארקלאגטע פירמע וויס גאנץ גוט די באדייטונג פון דעם פונקט 24 פון דעם אפמאך מיט דער יוניאן, און זי איז געווען מחויב אויסצוגעפינען צי די „סעסיל מאודס" איז א יוניאן-פלאץ אדער ניט, איידער זי האט מיט איהר געהאנדעלט.

מר. יואוועליר'ס אנטשיידונג איז זעהר וויכטיג, דערפאר ווייל א היבשע צאהל ניט-יוניאן אקסעסארי-מאנופעקטשורערס באנוצען זיך מיט דעם זעלבען שווינדעל און פיהרען געשעפטען אונטער פאלשע נעמען כדי אויסצומיידען דעם אקסעסארי-פונקט פון דעם קאלעקטיווען אפמאך צווישען דער נעשאנאל דרעס מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן און דער דרעסמאכער יוניאן. די האלטונג פון דעם אומפארטייאישען טשערמאן וועט וואהרשיינליך ווירקען, אז דרעס-מאנופעקטשורערס זאלען ניט העלפען די „טשיזלערס" אין די אקסעסארי ביזנעס.

GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

Vol. XX. No. 4 | Jersey City, N. J., April, 1938 | Price: 10 Cents

## א גוטער ביישפיל פון דער אינטערנעשאנעל ווי עס דארפען זיין די באציהונגען צווישען דער סי. אי. או. און דער א. פ. או ל.

נאך א שטים [illegible] פון די אמעריקאנער ארבייטער רייהען האט זיך געלאזט הערען פאר פרידען אין אונזער ארבייטער־באוועגונג. דאס איז די שטים פון האמער מארטין, פרעזידענט פון דער אויטאמאביל מאכער יוניאן, די צווייטע גרעסטע יוניאן אין דער סי. אי. או. און וועלכע האט צו פארדאנקען איר גרויסען וואוקס דער סי. אי. או.

די לעצטע ווערטער האבען אין דעם פרט א גאנץ באזונדערס וויכטיגע באדייטונג. די אויטאמאביל מאכער יוניאן, הגם זי האט שוין עקזיסטירט, אידער די סי. אי. או. איז נאך געשאפען געווארען, ווערט דאך באטראכט אלס א קינד פון דער סי. אי. או. און מען קען אויך זאגען, אז מיט דעם ערפאלג פון דער אויטאמאביל מאכער יוניאן האט זיך אויך אנגעפאנגען דער ערפאלג פון דער סי. אי. או. און איר גרויסע פאפולאריטעט.

די אויטאמאביל יוניאן איז געווען קליין און שוואך אידער די סי. אי. או. איז געשאפען געווארען און האט געהאט א קליינע ווירקונג אין דער גרויסער, רייכער אויטאמאביל אינדוסטריע. פאקטיש איז די אויטאמאביל אינדוסטריע געווען ניט ארגאניזירט. פיל מער, די האפנונגען איר צו ארגאניזירען זיינען געווען זעהר שוואכע. די גרויסע אויטאמאביל מאגנאטען מיט זייערע איינגעפונדעוועטע קאמפאני יוניאנס זיינען באטראכט געווארען פאר צו שטארק און צו מעכטיג, אז מען זאל זיי קענען באזיגען, אויסער עס זאל עפעס פאסירען א וואונדער. נאר אט איז געשאפען געווארען די סי. אי. או. און דער גרויסער וואונדער האט פאסירט — די אויטאמאביל אינדוסטריע איז ארגאניזירט געווארען. דאס איז געווען די ערשטע גרויסע מאסען אינדוסטריע, איינע פון די גרעסטע און פון די וויכטיגסטע אין אמעריקא, ארגאניזירט צו ווערען מיט דער הילף פון דער סי. אי. או. און דאס האט גוואלדיג געהויבען איר פרעסטיזש. די אויטאמאביל מאכער יוניאן, קען מען דעריבער זאגען, איז דאס בלוט און פלייש פון דער סי. אי. או. און ווען דער פרעזידענט פון דער אויטאמאביל מאכער יוניאן קומט ארויס מיט אן אויפפאדערונג פאר פרידען צווישען דער סי. אי. או. און א. פ. או ל. און ער פארלאנגט אז די סי. אי. או. זאל מאדיפיצירען אירע פרידענס־באדינגונגען און זיי מאכען לייכטער פאר דער א. פ. או ל. אננעמען, דארף דאס באטראכט ווערען פאר א גאנץ וויכטיגען צייכען, אז די פרידענס־באוועגונג, וואס פרעזידענט דובינסקי האט אנגעפאנגען אין די רייהען פון דער סי. אי. או. געווינט אין אימפעט און די האפנונג, אז א פרידען איז ניט ווייט ווערט שטארקער.

* * *

נאר כדי צו דערגרייכען דעם געווינשטען פרידען וואס גיכער, דארפען ביידע צדדים אויסמיידען נייע צונויפשטויסונגען, וואס קענען ארויסרופען נייע קריגערישע שטימונגען. און די ערגסטע צוזאמענשטויסונגען, וואס רופען ארויס א סך בייז בלוט, זיינען די, ווען איינער פרובירט זיך אריינרייסען אין דעם צווייטענס טעריטאריע און באשאפען דואל יוניאנס. עס זיינען נאך פארהאן מיליאנען אונארגאניזירטע ארבייטער אין אמעריקא, וואס דארפען ארגאניזירט ווערען און קענען ארגאניזירט ווערען. סיי די סי. אי. או., סיי די א. פ. או ל. קענען אויף דעם געביט געפינען א סך ארגאניזאציאנס ארבייט צו טאן און צו געווינען א סך נייע מיטגלידער. דאס איז געווען דער שטאנדפונקט פון דער אינטערנעשאנעל פון אנפאנג אן און דאס האט פרעזידענט דובינסקי געפאדערט יעדעס מאל, ווען ער האט אפעלירט פאר פרידען. און עס פרעהט אונז צו זעהן, אז אט דער גייסט הערשט אין אלע טיילען און אין אלע צווייגען פון דער אינטערנעשאנעל איבער'ן גאנצען לאנד. א גוטען ביישפיל האט אונז געגעבען ברודער לוצקי, מענעדזשער פון דזשאינט באארד אין לאס אנדזשעלעס, אין זיין ענטפער, וואס ער האט געגעבען צו דער פירערשאפט פון דער נייער רעסטאראן ארבייטער יוניאן, וועלכע איז דארטען ארגאניזירט געווארען אלס א לאקאל פון דער סי. אי. או. די בעאמטע פון לאקאל האבען נעמליך פארלאנגט פון ברודער לוצקי אן ערקלערונג פאר וואס ער האט פאר אן אונטערנעמונג, וואס דער דזשאינט באארד האט געמאכט, געדונגען וועיטערס פון דער יוניאן, וואס באלאנגט צו דער א. פ. או ל. און ניט פון דער סי. אי. או. זיין ענטפער איז געווען א קורצער און א קלארער:

„מיר פירען ניט קיין מלחמה מיט די מיטגלידער פון דער אמעריקען פעדערישאן אוו לייבאר. מיר שטימען ניט איין און מיר פראטעסטירען געגען דער טאקטיק פון דער א. פ. או ל. פאר אריינרייסען זיך דארטען, וואו די סי. אי. או. האט ארגאניזירט א יוניאן, אבער מיר וועלען פראטעסטירען ניט מיט ווייניגער ענערגיע געגען דער סי. אי. או. פאר ארגאניזירען יוניאנס אין טריידס, וואו עס עקזיסטירען שוין יוניאנס פון דער א. פ. או ל."

דאס איז די ריכטיגע שטעלונג פון דער אינטערנעשאנעל. און ווען די סי. אי. או., פון איין זייט, און די א. פ. או ל. פון דער אנדערער זייט, וואלטען זיך געהאלטען אט פאר דער טאקטיק, וואלט דער פרידען אין דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג, וועלכער איז אזוי דרינגענד נויטיג, אויף זיך לאנג ניט געלאזען ווארטען.

* * *

## דורכגעבראכען די כינעזישע וואנט

125 כינעזישע מיידלעך, דרעס מאכערינס אין סאן פראנציסקא, זיינען אונטער דער פירערשאפט פון דער אינטערנעשאנעל, ארויס אין א סטרייק געגען זייערע באלעבאטים פאר העכערע פארדינסטען און פאר בעסערע ארבייטס־באדינגונגען.

א סטרייק פון 125 מיידלעך קען אין פלוג אויסקוקען ווי א גאנץ געוויינליכע פאסירונג פאר א יוניאן וואס פארמאגט א פערטעל מיליאן מיטגלידער און האט ארגאניזאציעס איבער'ן גאנצען לאנד. די פאסירונג באקומט אבער אן אנדער באדייטונג, ווען מען שטרייכט אביסעל אונטער דאסווארט „כינעזישע" און מען דערציילט דערביי, אז עס איז דאס ערשטע מאל וואס דער אינטערנעשאנעל האט זיך איינגעגעבען צו ארגאניזירען די כינעזישע דרעס מאכערינס אין סאן פראנציסקא, אז די כינעזישע ארבייטערינס זאלען ארויס אין א סטרייק.

ניט נויטיג צו דערציילען, אז די כינעזישע מיידלעך זיינען אויפ'ן שענדליכסטען אופן עקספלואטירט געווארען. אבער עס איז ניט אזוי לייכט אנגעקומען זיי צו ארגאניזירען. די אינטערנעשאנעל האט ניט איין מאל שוין פרובירט זיי ארגאניזירען, אבער יעדעס מאל מיט ווייניג ערפאלג. די באלעבאטים האבען איינגעפלאנצט ביי די כינעזישע ארבייטער־מיידלעך די מורא, אז מען וויל אוועקנעמען פון זיי די דזשאבס און אז מען וויל זיי איינריידען צו סטרייקען, כדי אנדערע, ניט כינעזישע מיידלעך זאלען קענען פארנעמען זייערע פלעצער. ענדליך אבער האט זיך עס דער אינטערנעשאנעל דאך איינגעגעבען צו געווינען דעם צוטרויען פון די פארשקלאפטע כינעזישע מיידלעך און מען האט זיי ארגאניזירט און ארויסגערופען אין א סטרייק. דאס איז א פאסירונג. מען קען דא ווירקליך געברויכען דעם אויסדרוק „דורכגעבראכען די כינעזישע וואנט".

דער סטרייק וועט האבען א באזונדערע דערציהערישע ווירקונג אויף די כינעזישע דרעסמאכערינס. זיי וועלען פון דעם סטרייק לערנען די וויכטיגקייט פון ארבייטער סאלידאריטעט, וואס שאפט אפ די גרענעצען פון ראסע און קאליר. זיי זעהען די הילף וואס די אינטערנעשאנעל גיט זיי צו פארבעסערען זייער לאגע, און דאס וועט האבען א ווירקונג אויף דער גאנצער כינעזישער באפעלקערונג פון סאן פראנציסקא, וואס באשטייט צום גרעסטען טייל פון ארבייטער און ארבייטערינס, וועלכע ווערען אומגעהייער עקספלואטירט.

און אט דעריבער האט דער סטרייק פון די 125 כינעזישע מיידלעך אין סאן פראנציסקא א גאנץ באזונדערע באדייטונג.

* * *

## מיט אן ערפארונג רייכער

די ארבייטער אין מאנטרעאל זיינען רייכער געווארען מיט אן ערפארונג. זיי האבען נעמליך אויסגעפונען, אז ווען עס קומט צו א קאמף צווישען קאפיטאל און ארבייט זיינען גרייט אפילו די פארטרעטער פון דער רעגירונג צו זאגען די שענדליכסטע ליגענס אבי נאר ארויסצוהעלפען די באלעבאטים.

אונזער יוניאן האט געפירט א סטרייק ביי דער אידיעל דרעס קאמפאני אין מאנטרעאל. זיינען געקומען די פארטרעטער פון דער קוויבעקער רעגירונג און האבען ערקלערט, אז עס איז ניטא קיין אורזאך פאר'ן סטרייק, ווייל די באלעבאטים פון דער קאמפאני צאלען די מיידלאך, וואס ארבייטען ביי זיי, זייער אנשטענדיגע ווידזשעס. איז אבער געקומען די יוניאן און האט אפגעדרוקט פאטאגראפיעס פון טשעקס, וואס די אידיעל דרעס קאמפאני האט אויסגעצאלט צו די מיידלאך, וואס ארבייטען ביי איר און מען זעט ווי „אנשטענדיג" די ווידזשעס זיינען. איין טשעק, למשל, באטרעפט 4 דאלער מיט 50 סענט פאר 38 שטונדען ארבייט, וואס מאכט אויס 12 סענט א שטונדע. א צווייטער טשעק איז 3 דאלער מיט 26 סענט אויך פאר 38 שטונדען, וואס מאכט אויס 9 סענט א שטונדע. א דריטער טשעק איז אויף 1 דאל. מיט 84 סענט פאר 53 שטונדען, וואס איז 11 סענט א שטונדע. אגב, ווען מען רעכענט איבער געפינט מען, אז אין יעדען טשעק זיינען עטלאכע סענט ניט דערצאלט. אין דעם טשעק פון 3 דאלער מיט 26 סענט זיינען ניט דערצאלט גאנצע 16 סענט. אין טשעק איז אנגעשריבען 38 שטונדען אויף 9 סענט א שטונדע און דאס מאכט אויס 3 דאלער מיט 42 סענט. משמעות, אז 9 סענט א שטונדע האט ביי דער קאמפאני אויסגעקוקט שוין פאר צו אנשטענדיגע ווידזשעס.

נאר די פארטרעטער פון דער קוויבעקער רעגירונג זיינען אויך רייכער געווארען מיט אן ערפארונג. זיי ווייסען איצט, אז די אינטערנעשאנאל קען מען ניט בלאפען.

* * *

## א גוטער געדאנק אויף א שלעכטען אדרעס

גאווערנאר מורפי, פון מישיגען, האט זיך געווענדעט צו הענרי פארד און צו זיינע פילאנטראפישע און ארבייטער־פריינטליכע געפילען, אז ער זאל זיין דער פיאנער אין דער אמעריקאנער אינדוסטריע איינצופירען א יערליכען ארבייטס־לוין פאר די ארבייטער.

גאווערנאר מורפי איז א פראגרעסיווער מענש און ער האט עס אמבעסטען ארויסגעוויזען מיט זיין האלטונג אין דעם גרויסען קאמף צווישען די אויטאמאביל ארבייטער און זייערע באלעבאטים. און ער ווייזט אויך, אז ער איז א פראגרעסיווער מענש דערמיט, וואס ער האט זיך פאראינטערעסירט מיט דער פראגע פון יערליכע פארדינסטען פאר די ארבייטער: עס איז א צייכען, אז די אינטערעסען פון די ארבייטער זיינען אים נאהענט צום הארצען און ער טראכט וועגען זיי.

פאר די קלאוקמאכער און די דרעסמאכער איז ניט נויטיג צו ערקלערען ווי וויכטיג עס איז די פראגע פון יערליכע פארדינסטען. מיר האבען גראד אין פאריגען נומער „גערעכטיגקייט" זיך אפגעשטעלט אויף דער פראגע אין צוזאמענהאנג מיט דער פראגע פון די אזויגערופענע „טאיים אגרימענטס" אין מאנכע קלאוק שעפער. אין דער ווירקליכקייט איז אין דער קלאוק אינדוסטריע די פא־

# דער פערטער יעהרליכער קאנצערט פון אינטערנעשאנאל כאר און ארקעסטער אין קארנעגי האל, דעם 19טען מארטש

**אפרים צימבאליסט, וועלט בארימטער פידעל־ווירטואז, וועט אויפטרעטען ביי דעם קאנצערט. — כאר פון הונדערט און צוואנציג שטימען, אין ארבייטער־ און פאלקס־לידער. — זעלטענע געלעגענהייט צו הערען דעם אינטערנעשאנאל כאר און ארקעסטער צוזאמען אין איין און דעם זעלבען קאנצערט.**

דער פערטער יעהרליכער קאנצערט פון דעם אינ־טערנעשאנאל כאר און מאנדאלין ארקעסטער, פון אונ־זערע מיטגלידער, וועט דאס יאר פארקומען אין קאר־נעגי האל, שבת אוונט, דעם 19טען מארטש.

ווער עס האט געהערט דעם אינטערנעשאנאל כאר, מיט זיינע פולע 120 שטימען, זינגען אונטער דער ליי־טונג פון דעם קינסטלער־דיריגענט לאזאר ווײנער, ווייס דעם גענוס וואס ער קען ערווארטען ביים הערען זינגען דעם כאר ביי דעם יעהרליכען קאנצערט. אונזער כאר איז פיל פארבעסערט און ענטוויקעלט געווארען. דער רעפערטואר איז פיל רייכער. דערצו נאך וועט ביים קאנצערט אויך אויפטרעטען אונזער מאנדאלין ארקעס־טער אונטער דער ליטונג פון דעם באוואוסטען דירי־גענט לואידזשי פאפארעלא.

דעם מאנדאלין ארקעסטער אליין צו הערען איז אן אויסערגעוועהנליכער פארגעניגען. אבער ווען עס מאכט זיך א געלעגענהייט, ווי ביי דעם יעהרליכען קאנצערט, ווען דער כאר און ארקעסטער טרעטען אויף צוזאמען, איז עס זיכער א מוזיקאלישע פאסירונג וואס יעדער מבין אויף מוזיק קען זיך ניט פארגינען צו פארפעלען.

היינטיגס יאריגער קאנצערט צייכענט זיך דערצו נאך אויס מיט דעם אויסערגעוועהנליכען וועלט־בארימ־טען סאלאאיסט וואס וועט דעם אוונט אויפטרעטען ביים קאנצערט אין קארנעגי האל. דאס איז דער בא־רימטער פידעל־ווירטואז אפרים צימבאליסט.

ניט נויטיג אונזערע מיטגלידער צו ווארנען, אז פלעצער אין קארנעגי האל זיינען באגרענעצטע און בעלנים אויף טיקעטס וועלען זיין א סך מער ווי פלע־צער. די וואס ווילען זיך פארזיכערען מיט א פלאץ ביים קאנצערט דארפען זיך דעריבער צואיילען און קוי־פען טיקעטס באצייטענס.

געדענקט: דער קאנצערט איז שבת אוונט, דעם 19טען מארטש, אין קארנעגי האל. טיקעטס שוין צו באקומען אין „לעיבאר סטיידזשי", 39טע סטריט און זעקסטע עווענוי, נױ יארק.

## בארימטער פילם „מיר קומען אן", פון מעדעם סאנאטאריום אין פוילען וועט אין גיכען געוויזען ווערען אין ניו יארק

אין ניו יארק וועט אין גיכען געוויזען ווערען א וועלטענער פילם, א פילם וואס איז נאך ווייניג געוויזען געווארען פאר דער עפענטלאכקייט און וועגען וועלכען עס איז שוין אנגעשריבען געווארען א גאנצע ליטעראטור.

דער פילם איז אייגענארטיג דערמיט, וואס אין אים שפילען איבערהויפט ניט קיין אקטיארען. דער פילם ווערט איינגאנצען אויסגעפירט פון 200 אידישע ארבייטער און פאלקס־קינדער אין פוילען. דער פילם איז פראדוצירט געווארען פון דער באוואוסטער מעדעם סאנאטאריע, א הייל־דערציערישער אנשטאלט פאר קראנ־קע אידישע קינדער אין פוילען. דער פילם, וואס איז באצייכענט געווארען אלס דער דער אידישער „ראוד טו לייף", הייסט „מיר קומען אן", און שפיגעלט אפ דאס לעבען פון דעם אידישען ארבייטער און פאלקס־קינד אין די אידישע קווארטאלען פון ווארשע און אנדערע שטעט אין פוילען. עס ווערט געוויזען די גרויסע ארימקייט, אין וועלכען דאס קינד לעבט און וואקסט אויס אן לופט, אן זון־שיין, אן אויפזיכט און אן דערציאונג. אין אזא סביבה לעבט דער גרעסטער טייל פון די 550,000 אידישע קינדער פון שול־עלטער אין פוילען. לויט ווי די סטאטיסטיק באווייזט, זיינען א העלפט פון דער דא־זיגער צאל קינדער קראנק און הינטערשטעליג אין זייער פיזישער אנטוויקלונג. 100,000 אידישע קינדער אין פוילען זיינען באדראט פון שווינדזוכט.

דער פילם ווייזט דאן די מעדעם סאנאטאריע, די איינציגע אידישע אינסטיטוציע אין פוילען, וואס פאר־נעמט זיך מיט היילען און אפהיטען דאס געזונט פון לונגען־ליידענדע אידישע קינדער. דאס איז אבער ניט בלויז א הייל אנשטאלט, עס איז אויך א דערציערישע אינסטיטוציע, וואס איז בארימט געווארען ניט נאר אין פוילען, נאר אויך אין גאנץ אייראפע; איר נייער פעדא־גאגישער סיסטעם איז אנערקענט געווארען פון די פרא־מינענטסטע פעדאגאגען און מעדיצינער אלס א מוסטער־אנשטאלט פון הייל־דערציערישער ארבייט.

דער פילם ווייזט דעם מערקווירדיגען איבערגאנג פון דער ארימער און פאר'חושכ'טער אידישער סביבה אין די פוילישע שטעט און שטעטלאך צו דער זוניגער, מיט וואלד־באדעקטער געגענד פון דער מעדעם סאנא־טאריע, וואו די קינדער געפינען אויף א געוויסער צייט א זוניגע און ליכטיגע היים. דער מערקווירדיגער איי־בערגאנג פון דעם לעבען פון די דאזיגע קינדער איז זעהר נאטירליך און בולט ארויסגעבראכט געווארען אין דעם פילם „מיר קומען אן", אז דער צושויער לעבט־מיט מיט דעם גייסט און מיט דער הויכער מאראל, מיט וועלכע עס איז דורכגעדרונגען דאס לעבען פון די קינ־דער אין זייער צייטווייליגער היים.

פראמינענטע געלערנטע און פעדאגאגען, וועלכע האבען געזעהן דעם פילם, זיינען פון אים שטארק באגייס־טערט געווארען און באטראכטען אים פאר א פסיכא־לאגישען קונסטווערק. זשאן פענלעווע, באוואוסטער געלערנטער און זון פון פארשטארבענעם פראנצויזישען פרעמיער מיניסטער, וועלכער האט געזעהן דעם פילם בעת זיין באזוך אין ווארשע, איז פון אים אזוי בא־גייסטערט געווארען, אז ער האט דעם פילם געבראכט קיין פאריז, וואו ער איז געוויזען געווארען אונטער זיין פראטעקטאראט. אויך די פאריזער פרעסע האט שטארק געלויבט דעם קינסטלערישען ווערט פון דעם פילם. א קאמיסיע ביים פראנצויזישען בילדונגס מיניסטעריום האט באשלאסען אפצוקויפען דעם פילם כדי אים צו ווייזען אין אלע דערציאונגס אנשטאלטען אין פראנקרייך. אין בעלגיע האט די סאציאליסטישע פילם צענטראלע פון די דארטיגע טרייד יוניאנס אפגעקויפט דעם פילם, כדי אים צו ווייזען אין די 85 פילם טעאטערס, וואס די בעלגישע יוניאנס האבען איבער'ן לאנד.

אבער אין פוילען גופא, וואו דער פילם איז געמאכט געווארען, טאר דער פילם ניט געוויזען ווערען. די צענזור האט אים פארבאטען. ניט נאר די אידישע צייט־טונגען אין פוילען, נאר אויך א גרויסע צאל פוילישע צייטונגען, צווישען וועלכע עס געפינט זיך זאגאר א רעגירונגס צייטונג, זיינען ארויסגעקומען מיט ווארימע לויב געזאנגען פאר דעם פילם און האבען שארף פרא־טעסטירט געגען דעם פארבאט מצד דער צענזור. פרא־מינענטע פוילישע געלערנטע און קינסטלער, וועלכע האבען פריוואט געזעהן דעם פילם, האבען זיך שטארק אנגענומען פאר דעם, אז די צענזור זאל דערלויבען צו ווייזען דעם פילם, וועלכען זיי באצייכענען אלס דעם בעסטען פילם וואס איז ווען עס איז געמאכט געווארען אין פוילען.

די צענזור האט מאטיווירט איר פארבאט מיט דעם, וואס דער פרייער גייסט פון פילם געפעלט איר ניט, און ספעציעל די סצענע וואו עס ווערט געוויזען ווי אידישע קינדער פון דער מעדעם סאנאטאריע פארברידערען זיך מיט קינדער פון פוילישע מיינערס.

פוילישע געלערנטע און פראמינענטע פארשטייער פון דער פוילישער געזעלשאפט לאכען אויס און קריי־טיקירען די דאזיגע באהויפטונגען פון דער פוילישער צענזור און זיי האבען אפעלירט, אז דער פארבאט זאל ארפגענומען ווערען און אז די באפעלקערונג פון פוילען זאל האבען די מעגליכקייט צו זען דעם „בעסטען און באדייטענדסטען פילם, מיט וועלכען פוילען דארף זיין שטאלץ". ביז איצט אבער האבען די אלע אפילען און פראטעסטען ניט געהאלפען. דער פילם טאר נאך אלץ אין פוילען ניט געוויזען ווערען.

און אט דער פילם „מיר קומען אן" איז איצט געבראכט געווארען קיין אמעריקע פון ש. גילינסקי, דער לייטער פון מעדעם סאנאטאריע, וועלכער איז א בא־וואוסטער אידישער פעדאגאג אין פוילען. גילינסקי וועט דא אנפירען א קאמפיין לטובת דער מעדעם סאנאטאריע אין פוילען, און אין צוזאמענהאנג מיט דעם דאזיגען קאמפיין וועט געוויזען ווערען דער פילם, וואס איז פראדוצירט געווארען דורך דער סאנאטאריע. א גרויסע צאל פראמינענטע אידישע ארבייטער טוער און אנדערע באוואוסטע פערזענליכקייטען פון לאנד האבען זיך פאר־אינטערעסירט מיט ווייזען דעם פילם אין אמעריקע, און פאר דעם דאזיגען צוועק ווערט איצט ארגאניזירט א ספע־ציעלער קאמיטעט, וואס וועט זיך פארנעמען מיט פרע־זענטירען דעם פילם פאר דער אמעריקאנער עפענט־ליכקייט.

עס איז צו דערווארטען, אז דער פילם „מיר קומען אן" וועט ארויסרופען א גרויסע סענסאציע אויך דא אין אמעריקע. די איינצעלנע פערזאנען, וועלכע האבען שוין דעם פילם געזען, זיינען שטארק באגייסטערט גע־ווארען פון אים. זיי האלטען, אז ער וועט ארויסרופען א גרויסען אינטערעס צווישען די ברייטסטע קרייזען פון דער אידישער און אויך דער אלגעמיינער באפעלקערונג אין אמעריקע.

**GERECHTIGKEIT**
A LABOR JOURNAL
Published every month by the
*International Ladies' Garment Workers' Union*

Office of Publication:
76 Montgomery St., Jersey City, N. J.
General Office:
3 West 16th St., N. Y. C. Tel. CHelsea 3-2148

DAVID DUBINSKY, President
and General Secretary-Treasurer
DR. B. HOFFMAN, Editor

Subscription price, paid in advance, $1.00 per year.

Vol. XX. No. 3. March, 1938

Entered as Second Class Matter, August 7, 1928 at Post Office at Jersey City, N. J., under the Act of August 4, 1912. Accepted for mailing at special rate of postage, provided for in Section 1103, Act of Oct. 3, 1917, authorized on Jan. 25, 1919.